ד"ר מ. לעהמאן

פאָלקס-ערצעהלונגען

איבערזעצט דורך י. שפּירא.

# גראף אדער יוד?

(אינטערעסאנטע ערצעהלונג).

הויפט-פערקויף:
Cukier, Warszawa

1921
וואַרשאָ,
פערלאַג: „אַלט-יודיש".

# א.

## פערצווייפלונג.

נישט ווייט פון פראָג, אויפ'ן צווייטען ברעג פון דער מאָלדאַווא, געפינט זיך דאָס דאָרף בודענטש און דערביי אַ קייזערליכער פּאַרק, וואו אַלע פּראָגער איינ־וואוינער ליעבען צו געהן שפּאַצירען. אַלע זונטאָג און אין חגאות, ווי אויך אין בעשטימטע טעג אין דער וואָכען, שפּיעלט דאָרט אַ מיליטערישער אָר־קעסטער און ציהט־צו טויזענדער געסט. אין דעם מאָמענט, ווען אונזער געשיכטע הויבט זיך אָן, אַיאָהר אַכציג צוריק, אין אַ שענעם זומער־טאָג, איז אין פּאַרק געוועזען פאָלקאָם שטיל; נור ווענינ שפּאַציער־געהער זענען געוועזען אין די שאָטענ־דיגע אַלעען, און צווישען אָט די שפּאַציער־געהער בעמערקען מיר אַ געוויסען יונגען מאַן. ער האָט זיך אויסגעקליעבען אַ זייטיגע אייגזאַמע אַלעע, אין וועלכער ער לויפט אַרום, ווי ווילד, אַרויף און אַראָב, ביז ער וואַרפט זיך ענדליך אויף איין באַנק, פאָלקאָם ערשעפּט. דאָס איז אַ שענער יונגער מאַן, מיט אַ אינטעלע־גענטען פּנים, מיט שוואַרצע האָהר, שוואַרצע אויגען און אַ שלאַנקער געשטאַלט.

— האָ! — רופט ער אויס — אָט אַזוי זאָל עס נעהמען אַ סוף מיט אַלע מיינע האָפנונגען די קללה פון טויזענדער יאָהר הענגט אויף יעדען שריט פון די אייניקלען; די שפּעטסטע דורות פון די פערשטויסענע קאָנען צום לעבען נישט קומען! מיט אָבשוי וענדעט מען זיך אָב פון זיי, און דאָס, וואָס ער ליעבט, וויל איהם נישט קענען! אומזיסט וויל ער אָבשאָקלען פון זיך די אַלטע קללה, ער קאָן נישט, זי האַלט איהם געפאַנגען!

דאָס איז געוועזען אַיונגער מאַן פון אַיאָהר 24, און נאָכדעם ווי ער האָט דאָס גערעדט, האָט ער זיין פּנים איןביידע הענד בעהאַלטען און אָנהויבען ביטערליך צו וויינען.

אייניגע מינוטען לאַנג איז ער זיך אַזוי געזעסען, נישט בעמערקענדיג, אַז נישט ווייט פון איהם האָט אויפ'ן באַנק זיך אַ ניעדערגעזעצט אַנ'אַלטער עהר־ווירדיגער מאַן.

— וואָס האָב איך פון מיין לעבען — האָט דער יונגער מאַן צו זיך גע־רעדט ווייטער. — כ'האָב דאָך פערלאָרען אַלע אויסזיכט אויף די פריידען פון לעבען! וואו זאָל איך, צרויסגעשטויסענער, זוכען דאָס גליק? צווישען די יודען אפשר, די, וועלכע האָבען איין אמונה מיט מיר? האַ, אמונה! צי גלויב איך דען אין דעם, וואָס זיי גלויבען? צי בין איך דען נישט שוין פון קינדהייט אָן כמין צום

זיך גלייבען אָבגעריסען געוואָרען? איך האָב דאָך אַפילו נישט געלערנט מתפלל זיין, ווי זיי טהוען עס, צי לעבען ווי זיי! איך האָב דאָך גאָר קיין שום ידיעה נישט וועגען זייערע דינים און מנהגים! און די קריסטען? פאַר זיי בין איך און בלייב אַ יוד, אַפילו ווען איך זאָל... ניין, איך בין אַ פערלאָרענער מענש, מיין לעבען האָב איך פערזינדיגט. און צו וואָס זאָל איך נאָך לענגער ליידען, ווען דער חלום וועגען גליק איז מיר פאַלש געוואָרען? גליק! אָה, פיעל מענשען האַלטען מיך פאַר גליקליך! איך בין רייך, יונג, געזונד, געלערנט... אָבער דאָס הארץ איז וויסט און לעער. איך האָב געמיינט אַז די ליעבע וועט געבען אַ איינ־האַלט מיין האַרצען און לטוף האָט זי זיך אויסגעלאָזען אַלס אַ פוסטער חלום!

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט דער יונגער מאַן אַרויסגענומען אַ רעוואָל־ווער פון קעשענע.

— קום אַהער, מיין טרייסטער! — האָט ער געזאָגט, אָנלאַדעווענדיג דאָס געוועהר — קום און בעפריי מיך פון דער אונערטרעגליכער משא פון לעבען!

אין זעלבען מאָמענט איז איהם דער רעוואָלווער אַרויסגעריסען געוואָרען פון דער האַנד. ערשטוינט האָט דער יונגער מאַן געקוקט אַרום זיך און ווען ער האָט ענדליך דערזעהען דעם עהרווירדיגען מאַן מיט'ן גרייז־גראָהען באָרד, האָט ער מיט כעס אויסגערופען:

— מיין הערר, ווער ווער גיעט אייך דאָס רעכט!...

— רוהיג, רוהיג — האָט איהם דער אַלטער מאַן איבערגעהאַקט — איהר אַליין האָט מיר דאָס רעכט געגעבען אייך דאָס לעבען צו ראַטעווען, צו בעשי־צען אייך פאַר'ן גרעסטען פערברעכען. אָרימער יונגער מאַן, ווי אונגליקליך מוזט איהר זיין און וואָס פאַר... אַ פחדן איהר זענט!

— אַ פחדן?

— געוויס, אַ פחדן! דען איהר האָט נישט דעם מוט אַריבערצוטראָגען דאָס אונגליק און צו ווילען אַנטלויפען פון איהם. אַ רעכטער מענש וועט נישט געהן בעפרייען זיך פון דער לעבענס־משא דורך אַ פערברעכען: געדולדיג וועט ער טראָגען זיין יסורים און ליידען! האָט נור צו מיר צוטרוי. זעהט, איך וואָלט געקאָנט זיין אייער זיידע, אפשר וועל איך אייך קאָנען העלפען. דער אויבערשטער האָט מיך געבענשט מיט עשירות, אפשר פעהלט עס אייך?...

— אויך איך בין רייך.

— טאָ זאָגט מיר, וואָס מאַכט אייך אַזוי שווער דאָס לעבען? איך פרעג נישט צוליעב נייגיריגקייט. ג—ט האָט אונז צוזאַמענגעפיהרט אויף אַ וואונדערלי־כען אופן, צי איז דאָס נישט אַ בעווייז...

ביי די דאָזיגע ווערטער איז דער יונגער מאַן פון אָרט אויפגעשפרינגען.

— ג—ט — האָט ער אויסגערופען — מען האָט מיך נישט געלערנט קענען איהם!

— איך זעה — האָט דער אַלטער מאַן טרויעריג געענטפערט, — אָבער מען מוז ג—ט זוכען, כדי צו קאָנען איהם געפינען. קום נאָר מיט מיר אין די יודישע

הײַזער, און די בתּי מדרשים — אין די שטימען פון אונזערע קינדער װעסטו ג—ט דערקענען! הער נור, װי זײ לערנען, זעה זײער עמקות און מתיקות, זײער זזדות-הנפש און דו װעסט פערשטעהן, װאָס הײסט אין ג—ט גלויבען און װאָס פאַר אַ גליק עס שטעקט דערין...

— קום, מײַן יונגער פרײַנד — האָט דער אַלטער גערעדט װײַטער — איך װעל דיך נישט אָבלאָזען. קום צו מיר אין שטוב אַרײַן, בעקען דיך מיט יודען און מיט יודישקײַט און ס'װעט דיר נישט װעה טהון מעהר פאַרװאָס דו גע־הערסט צום יודישען פאָלק!

---

## ב.

# רפאל דער מאָנטע.

רפאל דעל מאָנטע האָט געהײסען דער יונגער מאַן, װאָס דער זקן האָט כמעט מיט געװאַלט צו זיך אין הויז אַװעקגעפיהרט. דאָס איז געװען אַ זוהן פון אַ פּאָר־טוגיעזישען יוד, װאָס האָט געװאױנט אין האַמבורג. זײַן פאָטער איז בײַ איהם פריה אָבגעשטאָרבען, איבערלאָזענדיג איהם, אַלס בן יחיד, אײנעם אַלײן אויף דער װעלט. ערצויגען האָט ער זיך בײַ זײַן פאָטערס ברודער אין שטוב, װאו ער האָט גאָרנישט געהערט װעגען יודען און יודישקײַט. רפאל איז געװען אַ גראָ־סען יונגעל. רײַך און אונאָבהענגיג, האָט ער זיך געװידמעט שפּעטער דעם שטו־דיום פון די נאַטורװיסענשאַפטען, נישט האָבענדיג דערבײַ קײן שום צװעק פון אַ מאַטעריעלען תּכלית אין לעבען. נאָכדעם װי ער האָט זײַן שטודיום אין דעם אוניװערזיטעט געענדיגט, האָט ער זיך געלאָזט אויף דער רײזע און איז געקומען קײַן װיען, װאו ער איז אויפגענומען געװאָרען אין די דאָרטיגע ערשטע אַריסטאָ־קראַטישע הײַזער. דער נאָמען „דעל מאָנטע” האָט דערװיזען אַן'אַריסטאָקראַטישע אָבשטאַמונג און מען האָט דעריבער איהם אָנגענומען פאַר אַ שפּאַנישען אָדער איטאַליעניש‍ען באַראָן. אין די אַריסטאָקראַטישע קרײזען, אין װעלכע ער פלעגט זײַן צײַט פערברענגען, האָט ער זיך בעקענט מיט דער יונגער באַראָנעסע, אַגנעס פאָן האָהענשטײן, און האָט זיך אין איהר פערליעבט. אַלע האָבען שוין בעטראַכט דאָס יונגע פּאָר אַלס חתן-כלה און דער באַראָנעסע'ס עלטערן האָבען שוין אײנ־געשטימט אויפ'ן שידוך; אָבער פּלוצלונג האָט די באַראָנעסע זיך דערװאוסט, אַז דעל מאָנטע איז אַ יוד. זי האָט זיך תּיכף אָבגעקעהרט פון איהם מיט אַבשוי און פערבאָטען איהם אַרײַנצוקומען אין איהר הויז. אומזיסט האָט דעל מאָנטע ערקלערט אַז ער איז גרײט צו שמד'ן זיך: דער אָבשוי פון דער יונגער באַראָנעסע האָט זיך בעצויגען נישט אַזוי אויף דער יודישער רעליגיע, װי אויפ'ן יודישען פאָלק. מיט פערצװײפלונג אין האַרצען האָט רפאל פערלאָזען װיען און איז קײַן פּראָג געקומען. דאָרט האָט איהם דער אַלטער יוד דערזעהן און פון אַ זעלבסטמאָרד איהם אָבגעראַטעװעט.

דער דאָזיגער זקן האָט געהייסען יצחק קאַלמבערג; דאָס איז געווען אַ רייַכער סוחר, אַ יוד אַ למדן און אַ פרומער און אַזוי האָט ער אויך אין פרומען גייַסט ערצויגען אַלע זייַנע בני בית. קאַלמבערג האָט געהערט צו יענע נישט-פיעלע, וועלכע מען האָט ערלויבט צו וואוינען אין פראָג אויסער די טויערן פון דער געטאָ. ער האָט אַרייַנגעבראַכט דעם יונגען דעל מאָנטע צו זיך אין שטוב און פערלאַנגט פון איהם, אַז ער זאָל פערבלייַבען בייַ איהם אַ לענגערע צייַט. דער גוטער זקן האָט געוואָלט דורכפיהרען זייַן רעטונג בשלימות. רפאל'ס מוט איז געווען געבראָכען, זייַן האַרץ איז קראַנק געווען. באַלד איז ער אַוועקגעפאַלען קראַנק אויף אַ שווערען פיבער און מען האָט שיער נישט געהאַט פערצווייפעלט אין זייַן לעבען. אָבער אַ דאַנק דער גרויסער זאָרג, וואָס מען האָט איהם אַרויסגעוויזען אין קאַלמבערגס הויז, האָט די קרענק געמוזט אָבטרעטען און רפאל דעל מאָנטע האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַם געזונד ווערען.

ווי דאַנקבאַר איז ער געווען זייַנע נייע פרייַנד, ווען צוזאַמען מיט דער געזונדהייַט האָט זיך אומגעקעהרט צו איהם די האָפנונג אויף אַ נייַ לעבען! דאָ האָט דער יונגער מאַן צום ערשטען מאָל זיך בעקענט מיט אַ ווירקליך יודישליכען פאַמיליען-לעבען. די טיעפע ליעבשאַפט און אַכטונג, וואָס האָט דאָ געהערשט צווישען דעם אַלטען פּאָר-פאָלק, די הויכע פערעהרונג, וואָס די קינדער און אייניקלעך האָבען זיי אַרויסגעוויזען שטענדיג, די צערטליכקייַט און פרייַנדשאַפט צווישען די ברידער און שוועסטער, די הויכע פּאָעזיע פונ'ם יודישען שבת פון וועלכער דעל מאָנטע האָט פריהער נישט געהאַט קיין אַהנונג, — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אויף איהם אַ טיעפען איינדרוק. נאָך מעהר האָט איהם אָבער צוגעגעבען מוט און צוטרוי דאָס, וואָס ער האָט געזעהען, ווי אַזוי די איהם גאָר פרעמדע מענשען האָבען זיך בעגאַנגען מיט איהם מיט ליעבשאַפט און טיעפער זאָרג, נישט האָבענדיג דערבייַ קיין שום אַנדער כונה, ווי נור צו טהון גוטס. סיי קאַלמבערג, סיי זייַן אַלטע פרוי, סיי די זיהן און טעכטער, האָבען איהם געווידמעט אַ טייל פון זייער צייַט, זיצענדיג בייַ זייַן קראַנקען בעט איינער נאָכ'ן אַנדערען און בעמיהענדיג זיך איהם צו צושטרייַען און פערברענגען מיט איהם, ווען ער האָט אָנגעהויבען געזונד צו ווערען. רפאל האָט זיך אָנגעהויבען שטאַרק נאָכפרעגען וועגען רעליגיעזע ענינים; ער האָט זיך געוואָלט בעקענען מיט די יודישע דינים און מנהגים און מיט זייער זין און בעדייַטונג און, ווען ער איז אינגאַנצען געזונד געוואָרען, האָט ער אַליין געבעטען, אַז מען זאָל איהם ערלויבען צו בלייַבען אַ לענגערע צייַט אין דער משפחה. ער האָט זיך בעשטעלט אַ מלמד בייַ וועלכען ער האָט דעם תנ"ך אויסגעלערנט און געוואוינט זיך מתפלל צו זייַן. דאַן האָט ער אָנגעהויבען לערנען משנה און גמרא; שפּעטער האָט ער זיך בעקענט מיט די גרעסטע יודישע לומדים, וועלכע זענען אין יענער צייַט געווען אין פּראָג זעהר פיעל. לסוף האָט ער זיך אויך בעקענט מיט די ספרים פון די יודישע פילאָזאָפען, מיט'ן „חובת הלבבות", מיט'ן „עקרים", מיט'ן „הכוזרי", און פאַר איהם האָט זיך אַ נייַע וועלט געעפענט.

אַ פּאָר יאָהר זענען אַזוי אַריבערגעפלויגען פאַר דעל מאָנטע געשווינד. אָן דעם פרײַלין פאָן הױהענשטײַן האָט ער שוין לאַנג געהאַט פערגעסען און איז געוואָרען גאָר אַנ׳אַנדער מענש. דאָס פריהערדיגע לעבען איז איהם יעצט ערשיענען, ווי אַ וויסטער חלום, אָהן אַ ווערט, יעצט האָט ער זיך צוזאַמענגעלעבט מיט זײַן פאָלק, מיט זײַן ג—ט, און זײַן לעבען האָט בעקומען זין און ציעל.

יצחק קאַלמבערגס זיהן און טעכטער-זענען שוין אַלע געווען חתונה-געהאַט. נאָר איין יונגע טאָכטער, אַ מוזינקעלע, איז נאָך אין שטוב געווען, די 18-יעהריגע ווילהעלמינע. זי האָט מיט שענקייט זיך נישט אויסגעצייכענט, זי איז אָבער גוט און פרום, אַנ׳אמת׳ע יודישע טאָכטער. איהר פאָטער האָט אויך גוט געזאָרגט פאַר איהר ערציהונג, און אָט איז זי געווען שען געלערנט אין שפּראַכען און אַלערלײַ חכמות, אָבער אויסערדעם האָט זי גוט געקענט העברעאיש און האָט געהאַט אַ שענע ידיעה אין דער יודישער תורה און אין פיעל יודישע ספרים.

נאָך אַ פּאָר יאָהר לעבען צוזאַמען אין איין שטוב, האָט דעל מאָנטע חתונה געהאַט מיט ווילהעלמינען. מיט זײַן גרויסען קאַפּיטאַל איז ער צוגעטרעטען אַלס שותף אין זײַן שווערס געשעפטען, און דאָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו בעשעפטיגען זיך מעהר מיט׳ן לערנען תורה, מיט געזעלשאַפטליכע ענינים, ווי אויך מיט זײַן וויסענשאַפט.

---

# ג.

# מאַרינכּא.

**העל בעלויכטען זענען די פּרעכטיגע זאַלען אין האָפענשטײַנישען פּאַלאַץ:** די טאָכטער פון׳ם באַראָן האָפענשטײַן האָט חתונה פאַר׳ן רײַכען גראַף דאָרנבאַך. ביז יעצט איז גראַף דאָרנבאַך געווען ראַטמײַסטער פון דער קײַזערליכער אַרמעע, יעצט האָט ער גענומען אָבשיעד, כּדי חתונה צו האָבען און לעבען אויף זײַנע גיטער.

ס׳איז ערב דער חתנה און מען גיעט אַ גרויסען באַל. ס׳קומען די רײַכסטע קאַרעטען און דער קאַמערדינער מעלדעט יעדע מינוט די בעריהמטעסטע נעמען פון דער רעזידענץ בײַ זײַער אַרײַנקומען אין זאַל. די געזעלשאַפט איז שוין אינגאַנצען געקומען און מען ערוואַרטעט נאָר חתן-כּלה, כּדי צו עפענען דעם באַל. די כּלה זיצט דערווײַל אין איהר צימער, רײַך בעפּוצט אין טײַערע מלבושים און צירונגען, און וואַרט מיט אונגעדולד אויף איהר חתן. וואו קאָן ער עס דען זײַן אַזוי לאַנג? צי איז עס דען ערלויבט אין אַזאַ מאָמענט צו לאָזען וואַרטען אויף זיך אַזוי לאַנג? אָה, ווי גערן וואָלט גראַף דאָרנבאַך שוין געווען אויפ׳ן באַל צוזאַמען מיט זײַן כּלה, אָבער פּונקט אין דער מינוט, ווען ער איז שוין געווען גרייט אַרויסצוגעהן, האָט מען איהם פערהאַלטען. פון דער שטאָדט בריק, וואו ער איז פריהער געשטאַנען מיט זײַן פאָלק, איז געקומען זײַן פריהערדיגע געליעבטע. זי האָט זיך

דערוואוסט וועגן זײַן נאָהנטער חתונה און אָט האָט זי זיך איהם געוואָרפען צו די פיס און מיט טרעהרען געבעטען נישט צו פערלאָזען איהר. גראַף דאָרובאַק האָט גענומען אַ בײַטעל געלד און דערלאַנגט דער ווײנענדער, אָבער מאַרינקאַ — אַזוי איז געווען דער נאָמען פון דער פערלאָזענער — האָט דאָס געלד איהם אין גנים אַ שמוק געטהון מיט שרעקליכע קללות.

— דו שענדליכער! — האָט זי אויסגערופען — איך וועל נקמה נעהמען פון דיר! — און מיט די ווערטער האָט זי זײַן הויז פערלאָזען.

דער גראַף איז געווען אַזוי צוקלאַפּט איינגאַנצען, אַז ער האָט זיך גאָר נישט געקאָנט ערהאָלען. מאַרינקאַ איז געווען אַן אָרימע יתומה, וואָס האָט געארבײַט שווער, כּדי צו פערדיענען איהר שטיקעל ברויט. דער גראַף האָט דורך אַ צופאַל זיך בעקענט מיט איהר און נאָר דורך פערשיעדענע הבטחות און גרויסע בעמיהונגען איז איהם געלונגען אַרײַנצובעקומען איהר אין זײַן נעץ, און אָט האָט ער זי יעצט פערלאָזען, כּדי חתונה צו האָבען מיט אַ רײַכער פרוי! איהר אָבער האָט ער אַ בריעף געשריבען אין וועלכען ער האָט איהר ערקלערט, אַז ער קאָן חתונה האָבען נאָר מיט אַ פרוי פון זײַן גלײַכען, ווײַל זיינע גרויסע גיטער האָבען געדאַרפט געהערען נאָר אַ קינד פון אַדעל און ווען ער זאָל חתונה האָבען מיט אַ פּראָסטער פרוי, וואָלט ער זײַן ירושה-רעכט פערלאָרען. ווי נאָר מאַרינקאַ האָט אָט דעם בריעף דערהאַלטען, האָט זי איהר היים פערלאָזען און איז געקומען קײן וויען, וואו זי האָט דעם גראַף געטראָפען ערב דער חתונה בײַ זײַן צוגרײטען זיך צום חוונה-באַל. אָבער דאָ האָבען נישט איהר ביטע געקאָנט ווײך מאַכען זײַן האַרץ, און ווען זי איז ענדליך אַוועקגעגאַנגען מיט דער שרעקליכער קללה, איז גראַף דאָרנבאַך געבליעבען זיצען ווי פערשטײנערט נאָך אַלאַנגע צײַט. ענדליך האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז מיט אַ שווערען האַרצען געקומען צו זײַן כּלה, וועלכע האָט אויף איהם אונגעדולדיג געוואַרט.

אויף צומאָרגענס איז אינ׳ם גרויסעי סטעפאַני-קלויסטער פאָרגעקומען דער שלוב מיט גרויסער פײַערליכקײַט, אָבער ווען דער גלח האָט בײַ חתן-כּלה די הענד פעראײניגט צו בענטשן זײ, האָט פון אַ זײַטיגען ווינקעלע זיך דערהערט אַ וויסטער ווילד געלעכטער, דאָס האָט, ווי האַלב משוגע פאַר יסורים און צרות, געלאַכט מאַרינקאַ וועלכע איז אויך געקומען צום שלוב.

גראַף דאָרנבאַך איז באַלד נאָך דער חתונה אָבגעפאָהרען מיט זײַן יונגער פרוי קײַן איטאַליען, וואו ער האָט פערבראַכט דעם סוף ווינטער. מיט די ערשטע סימנים פון פריהלינג איז ער צוריקגעקומען אין די אַלטע גרויסע גיטער פון דער פאַמיליע „גראַף דאָרנבאַך" און האָט זיך דאָרט בעזעצט אויף אַ לענגערער צײַט. דאָרט האָט דער גראַף מיט זײַן פרוי זיך געלעבט רוהיג אַ גאַנצען זומער און אַלס דער קאַלטער ווינד האָט אָנגעהויבען בלאָזען און די לעצטע האָבער-פעלדער האָבען זײערע קערנער אָבגעגעבען, האָט אויך די פאַמיליע פון גראַף דאָרנבאַך נײַע צווײַגען געגעבען. די גרעפין אַגנעס האָט אַ צווילינג געבוירען, צוויי שענע יונגעלעך.

מאַרינקאַ האָט נאָך דעם גראַף'ס שלוּב פערלאָזען דאָס קלױסטער אין טיעפע זעהטאָג, תּחילת האָט זי געװאָלט אַרײַנװאַרפען זיך אין דוּנאַי; אָבער באַלד האָט איהר דערפון אָבגעהאַלטען דער געדאַנק צו נעהמען נקמה פוּנ'ם רױבער פון איהר גליק און פון איהר כבוד. זי האָט זיך דעריבער בעשלאָסען צו לעבען און צו לײַדען, ביז זי װעט זיך דערװאַרטען די מינוט, װען זי װעט קאָנען נקמה נעהמען. זי איז געװען אַ געשיקטע שטיקערין און האָט באַלד געפונען פאַר זיך אַ שטעלע אין װיען זײַן אַ גרױסען װעש-געשעפט. דאָרט האָט זי געגוּג פערדיענט פאַר זיך און האָט זיך געפיהרט אַ שטיל, פערצײַנזאַמט לעבען. אין האַרצען האָט זי נאָר אײַן געפיהל געהאַט—דאָס געפיהל פון נקמה. װי אַזױ אָבער קאָן זי, די אָרימע און פערשטױסענע, דערגרײַכען צום רײַכען און מעכטיגען גראַף?

אין אַ געװיסען טאָג איז די אַלטע באַראָנען האָהענשטײַן, אַגנעסעס מוטער, געקומען אין אַ רײַכער קאַרעטע צום געשעפט, װאו מאַרינקאַ האָט געאַרבײַט און געמאַכט דאָרט גרױסע קניוֹת, די באַראָנין האָט דערבײַ דערצעהלט, אַז איהר טאָכטער לעגט זיך באַלד אין קינפעט װען דער גראַף דאָרנבאַך װעט אַ יורש בעקומען. זי קױפט דעריבער אײַן אַלע נױטיגע זאַכען פאַר'ן קינפטיגען רײַכען יורש. װען מאַרינקאַ האָט דאָס דערהערט, האָט זי דערשפירט, װי מען װאָלט איהר דאָס האַרץ דורכגעבױערט מיט ברענענדיגע פײַלען, און אָט איז אַ געדאַנק איהר דורכגעפלױגען אין קאָפּ, װעלכער האָט איהר אַזױ דערפילט מיט פרײַד, אַז זי האָט שיער נישט אױפגעשריען פון שמחה. צוליעב אָט דעם ערװאַרטעטען יורש, האָט גראַף דאָרנבאַך איהר פערלאָזען; און אָט װעט זי אָט דעם יורש בעקומען און איהר האַנד אין לאָזען ערציהען אָט דעם יורש אין שאַנד און שמוּץ. אָט דאָס װעט זײַן די נקמה, װאָס זי, אָרימע טאָכטער פון פאָלק, װעט נעהמען אָן דעם פערפיהרער איהרען. אָה, װי װעט יאָמערן דער פאָטער נאָך זײַן פערלױרען קינד, װי װעט טרױערן די הױכגעבױרענע גרעפין, װען זי װעט זיך אױך בעקענען מיט'ן עלענד, װאָס עס לײַדען נאָך די אָרימע פאָלקס-מענשען! דער דאָזיגער געדאַנק האָט אַזױ שטאַרק דערפילט אינגאַנצען דאָס האַרץ בײַ מאַ-רינקאַ! אַז זי האָט שוין מעהר נישט געטראַכט װעגען עטװאָס אַנדערש. זי האָט באַלד אָבגעזאָגט זיך פון איהר שטעלע אין װיען, צוזאַמענגענומען איהר ביסעל פערמעגען און זיך געלאָזט װאַנדערן קײַן בעהמען, װאו ס'האָט זיך געפונען דאָס שלאָס פון גראַף דאָרנבאַך.

פיער װאָכען זענען אַלט געװען דעם גראַפ'ס צװײַ יונגעלעך, װען מאַרינקאַ איז נאָך אַ שװערע רײַזע געקומען אין דאָרף דאָרנבאַך, װאו ס'איז אױף אַ באַרג געלעגען דאָס גראַפליכע שלאָס. בשעת מאַרינקאַ איז צום שלאָס צוגעקומען, האָט דאָרט געהערשט אַ שרעקליכע אױפרעגונג: דער גראַף און אין פריה-מאָרגען אַװעקגעגאַנגען אױף דער יאַגד, און אָט איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אַן'אונטער-געשאָסענער װילדער חזיר האָט איהם געפעהרליך פערװאונדעט. די גרעפין איז תיכף אַװעקגעפאָהרען מיט איהרע בעדיענטע אין װאַלד אַרײַן, כדי צו געבען הילף איהר מאַן; די איבריגע בעדיענטע זענען אַרומגעלאָפען אַהער און אַהין, װי די

צוטומעלטע. קײנער האָט נישט אַכטונג געגעבען אויף דער פרעמדער, אָנשטענדיג געקלײדעטער פרוי, וואָס איז אַזוי שלאָס אַרײַנגעקומען און האָט זיך געלאָזט געהן פון אײן צימער אין צווײטען, ביז זי איז געקומען אין קינדער-צימער, וואו אַ קינד האָט זיך רוהיג און אין אַ וויעג געשלאָפען. אַזעלכע צימערן זענען געווען צוויי און אין יעדען צימער איז אַ וויעג געשטאַנען און יעדעס קינד האָט זיך זײַן אַם. יעצט זענען די אַמען אין די צימערן נישט געווען, נאָר צוזאַמען מיט די בעדיענטע האָבען זיי אין גאָדערשטוב גערעדט וועגען דעם אונגליק מיט'ן גראַף. מאַרינקאַ האָט נישט געוואוסט, אַז די גרעפין האָט צוויי קינדער געבוירען. זי איז דעריבער האַסטיג צום וועג צוגעגאַנגען, אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס קינד, בעהאַלטען עס בײַ זיך אונטער'ן מאַנטעל און איז זיך געשווינד אַוועקגעגאַנגען.

אין וואַלד האָט מען דערווײַל צוזאַמענגעשטעלט אַ טראָג-בעט, אויף וועלכע מען האָט דעם פערוואונדעטען גראַף אַנידערגעלעגט. דער ווילדער חזיר האָט מיט זײַנע גריזע-צײַהן איהם די ברוסט אויפגעריסען. דער דאָקטאָר, וועלכען מען האָט געשווינד געבראַכט, האָט ערקלערט, אַז די וואונד איז געפעהרליך. לאַנגזאַם האָט מען דעם גראַף אַ היים געבראַכט און בײַ זײַן בעט איז געזעסען יאָמערנדיג זײַן יונגע פרוי. אָבער דער דאָזיגער טאָג האָט געדאַרפט ווערען פאַר איהר נאָך שרעקליכער. ווען אײן זאַך איז אין איהר צימער אַרײַנגעקומען אָנזויגען דאָס שרײַענדע קינד, האָט אויך די צווײטע אַם זיך געלאָזט צו איהר זויגעדיג קינד. זי האָט אָבער געפונען די וויעג לײדיג. אויפ'ן שרעקליכען געשריי פון דער אַם זענען זיך אַלע צוזאַמענגעלאָפען; אויך די גרעפין איז אַרײַנגעקומען, און ווען זי האָט דערהערט, אַז איהר ברונא (אַזוי האָט דאָס גערויבטע קינד געהײסען) איז פערשוואונדען געוואָרען, איז זי אין חלשות געפאַלען. די אַרומיגע בעדיענטע האָבען דערהויבען אַ שרעקליכען יאָמער, אַ געשריי: „די גרעפין שטאַרבט!" „די גרעפין שטאַרבט!"

אויפ'ן גרויסען לואַרם האָט דער געפעהרליך קראַנקער גראַף זיך מיט די לעצטע כוחות פון בעט אַראָבגעשלעפט און איז אין צימער פון זײַן קינד אַרײַנגעטומען.

— וואָס איז געשעהען? — האָט ער מיט אַ פערנומענעם אָטעם געפרעגט.

— מען האָט דאָס קינד גע'גנב'עט — האָט מען איהם געענטפערט — און די גרעפין שטאַרבט!

דער גראַף האָט אַ ציטער געטהון אין גאַנצען לײַב און מיט די ווערטער:

— מאַרינקאַ, דײַן קללה איז ערפילט געוואָרען! — איז ער אַנידערגעפאַלען ווי אַ טאָפּ אויף דער ערד. ווי מען האָט ענדליך די גרעפין אָבגעמונטערט, האָט זי דערזעהען איהר מאַן ליעגען טויט.

## ד.

# יוסף אָנשטאָט ברונא.

וועהרענד אין שלאָס האָבען זיך אָבגעשפּיעלט די דאָזיגע טרויעריגע סצענעס, איז זיך מאַרינקאַ געשווינד געלאָפען מיט׳ן קינד אין וואַלד אַריין. און ווען זי האָט בעמערקט, אַז מען יאָגט זיך נישט נאָך איהר, איז זי פון וואַלד אַרויסגעקומען אויפ׳ן שליאַך און זיך געלאָזט געהן צום נאָהנטען שטעדטעל. דאָס קינד האָט די גאַנצע צייט געשלאָפען און ווען זי איז אין שטעדטעל אַריינגעקומען און דאָס האָט צו וויינען אָנגעהויבען, האָט זי אַביסעל מילך געקויפט און דאָס קינד אָנגעקארמעט. לאַנג אָבער האָט מאַרינקאַ זיך דאָ נישט אָבגעשטעלט, דען זי האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט זיך נאָכיאָגען נאָך איהר, כאַפּען איהר און אַרעסטירען. דאָס געהן מיט׳ן קינד אין די אָרעמס איז אָבער איהר געוואָרען אַלץ שווערער. געהאַט האָט זי ביי זיך אָבגעשפּאָרטע פופציג גולדען, און אָט האָט זי אָנגעהויבען טראַכטען, ווי אַזוי פטור צו ווערען פון קינד. פּלוצלונג האָט זי פון דערווייטען דערזעהען אַ פאַמיליע בעטלער, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם אין וועג געשלעפּט מיט אַ פוהר׳ל, געשפּאַנט צו אַנ׳עזעל. די פאַמיליע איז בעשטאַנען פון מאַן און ווייב און דריי אָרימע, אָבגעריסענע קינדערלעך. דאָס איז געווען אַ יודישע פאַמיליע, וואָס איז געגאַנגען קיין פּילזין אויפ׳ן יאַריד.

— הערט נאָר — האָט מאַרינקאַ אַ זאָג געטהון צו זיי —„איהר ווילט פערדיענען פופציג גולדען?

— פופציג גולדען! האָט דער בעטלער אויסגערופען פערוואונדערט: אַזאַ סומע האָט ער אין זיין לעבען קיינמאָל נישט געהאַט.

— זעהט נאָר אָט דאָס קינד, ס׳איז מיין שוועסטערס קינד. די שוועסטער מיינע איז געשטאָרבען. דאָס קינד האָט זי געבוירען פון אַ פערפיהרער, אַ גראַף וועלכער איז אויך געשטאָרבען. וואָס זאָל איך מיט׳ן קינד מאַכען? אויב איהר ווילט עס נעהמען צו זיך און דערציהען, גיעב איך אייך פופציג גולדען.

— אָבער — האָט דער בעטלער געזאָגט — מיר זענען דאָך יודען!

נו — האָט מאַרינקאַ זיך צולאַכט — וואָס שאַדעט דאָס? פון מיינעטוועגען קאָנט איהר זיך מאַכען אַ יודען אַ בעטלער פונ׳ם גראַף׳ס קינד.

— פופציג גולדען — האָט דער בעטלער גערעדט פאַר זיך, גלעטענדיג זיך די באָרד — דאָס איז פיעל געלד. מיט אַזאַ פערמעגען קאָן איך זיך איינקויפען

אין פילזין סחורה און אָנהויבען האַנדלען. וואָס זאָגסטו דערצו, רבקה?

— איך מיין — האָט דעם בעטלערס פרוי זיך אָבגערופען, בעטראַכטענדיג פריינדליך דאָס שעהנינקע יונגעלע — איך מיין, אַז מיר דאַרפען דאָס קינד אויפגעהמען. מיר וועלען אויפ׳ן קינד בעסער אַכטונג געבען, ווי דאָס פריילין, און ווייסטו, קלמן, וואָס מיר וועלען טהון? מיר וועלען אין פילזין זאָגען, אַז עס איז מיין אייגען קינד. מיר וועלען געהן צו אַ רייכען פראַגער יוד, וועלכער קומט שטענדיג אויפ׳ן יאַריד אין פילזען; מיר וועלען איהם סנדק פערקויפען, אַ צווייטען רייכען יוד וועלען מיר מכבד זיין צו זיין מוהל און אויך דאָס וועט אונז געלד איינברענגען.

— גוט, מאַמזעל, — האָט דער בעטלער געזאָגט. — מיר נעהמען אָן דאָס קינד, אָבער איהר מוזט אונז עפעס-וואָס דערלעגען. מיין פרוי וועט פיעל מיה האָבען מיט׳ן קינד.

— איך וואָלט אייך גערן מעהר געגעבען — האָט מאַרינקאַ געענטפערט — אָבער איך האָב נישט. איבריגענס, זעהט נאָר זיינע שעניקע מלבושים׳לעך, איהר וועט עס פערקויפען און אָבנעהמען דערפאַר אַ שטיק געלד, אויך דעם גאָלדענעם מעדאַליאָן אויפ׳ן האַלז לאָז איבער אייך.

דער בעטלער האָט בעטראַכט דעם מעדאַליאָן. אינוועניג איז געווען אַ בילד פון גראַף דאָרנבאַך אין פולער אוניפאָרם, אַלס ריטמייסטער.

— אַ פיינער העדר! האָט קלמן אויסגערופען — און ער איז טויט?

— ער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען אין אַ דועל מיט מיט אַ קאַמעראַד, צוליעב מיין שוועסטער — האָט מאַרינקאַ געענטפערט.

— נו, גיעט אַהער דאָס געלד, איך נעהם דאָס קינד! — האָט דער יוד ענדליך געזאָגט.

מאַרינקאַ האָט דער פרוי דאָס קינד אָבגעגעבען און דעם מאַן דאָס געלד. דאַן איז זי געשווינד אַוועקגעגאַנגען. באַלד אָבער האָט זי זיך אָבגעשטעלט און געקוקט אויף דער בעטלער-פאַמיליע, וועלכע איז זיך לאַנגזאַם אין איהר וועגן געגאַנגען.

— איך האָב נקמה גענומען! — האָט מאַרינקאַ ווילד אויסגערופען. — דו גרויסער מיוחס, גראַף אַרטור פאָן דאָרנבאַך, דאָס קינד, וואָס האָט דיינע גיטער געזאָלט ירש׳נען, וועט אויסוואַקסען אַלט בעטלער. האַ, האַ, האַ!

און זי איז געשווינד אַוועק ווייטער.

און ווען קלמן איז מיט זיינע לייט געקומען קיין פילזען, האָט ער געטהון ווי זיין פרוי האָט איהם געע׳עצה׳ט: אַ רייכער פראַגער יוד איז געווען סנדק, אַ צווייטער רייכער יוד האָט מל׳ה געווען דעם גראַף דאָרנבאַך׳ס זוהן. די רייכע יודען האָבען, פערשטעהט זיך, נישט געהאַט קיין אַהנונג וועגען דעם, וועמען דאָס קינד געהערט. זיי האָבען טאַקי געמיינט, אַז זיין פאָטער איז דער אָרימער בעטלער, און האָבען איהם געגעבען גרויסע מתנות. דער אָרימער יוד האָט דאָס געלד צוזאַמען מיט מאַרינקאַ׳ס פופציג גולדען אויסגעגעבען אויף סחורה און האָט זיך

דערמיט אָנגעהויבען האַנדלען, האָבענדיג נישקשה פּרנסה. אַזוי האָט זיך דאָס געצויגען צוויי יאָהר לאַנג.

וועהרענד די צוויי יאָהר, וואָס דעם גראַף דאָרנבאַכ׳ס קינד איז ביים בעטלער געוועזען, האָט עס זיך ענטוויקעלט פיזיש זעהר גוט. דאָס קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבען יוסף.

אָבער אָט האָט זיך אָנגעהויבען אין לאַנד אַ שרעקליך אונגליק: ס׳האָט זיך פערשפּרייט די כאָלערא און האָט אַוועקגעריסען פיעל קרבנות. קלמן מיט זיין פאַמיליע איז דאַמאָלס געוועזען אין פּראָג: זיי אַלע זענען אויף כאָלערא אַוועקגעפאַלען. מען האָט זיי אין בית־החולים אַריין געגומען. דאָרט זענען געשטאָרבען קלמן, זיין פרוי און זיינע קינדער. נור דער קליינער יוסף׳ל איז לעבען און געזונד געבליבען.

און אין דער דאָזיגער שרעקליכער צייט האָט זיך אויסגעצייכענט דורך זיינע מעשים טובים רפאל דעל מאָנטע. ער פלעגט בעזוכען די חולאים אין זייערע הייזער און אין די שפּיטאָלען און האָט געהאָלפען, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. דאָס אונגליק פון דער משפּחה קלמן האָט אויף איהם אַ געוואַלטיגען איינדרוק געמאַכט. דאָס געבליבענע קינד, דאָס צוויי יעהריגע יוסף׳ל, גראַף דאָרנבאַכ׳ס זוהן, האָט קיינעם נישט געהאַט אויף דער וועלט, אויסער ג—ט, וועלכער האָט איינגעפלאַנצט רחמנות אין די הערצער פון די מענשען. רפאל האָט דעריבער דאָס קינד גענומען צו זיך אַהיים און געזאָגט צו זיין פרוי ווילהעלמינע:

— אָט ברענג איך דיר אַ פערלאָזען יתום׳ל, ביי וועמען די מגפה האָט צוגענומען פאָטער און מוטער, ברידער און שוועסטער. לאָמיר זיין ג—ט׳ס שליחים פאַר׳ן פערלאָזענעם קינד. אויב דו שטימסט נור איין, נעהמען מיר דאָס קינד צו זיך און מיר וועלען עס ערציהען, ווי אַנ׳אייגען קינד.

— דיין ווילען, מיין ליעבער מאַן, — האָט פרוי דעל מאָנטע געענטפערט — איז שטענדיג אויך מיין ווילען. וואָס פאַר אַ שען קינד דאָט איז! איך וועל עס געוויס ליעב האָבען.

רפאל דעל מאָנטע האָט בעקומען פון דער שפּיטאָל־קאָמיסיע אַלע נויטיגע פּאַפּיערען פאַר דאָס קינד, ווי אויך זיין ביסעל אָרימע ירושה. אין דער דאָזיגער ירושה איז אויך געוועזען דער מעדאַליאָן וואָס יוסף האָט געטראָגען, בשעת קלמן האָט איהם אָנגענומען צו זיך צו ערציהען. דעל מאָנטע האָט דעם מעדאַליאָן בעהאַלטען, כדי יוסף זאָל אַמאָל האָבען אַנ׳אָנדענקען פון זיין משפּחה.

ווען מען האָט דעם יוסף׳ל אַרומגעוואַשען, אויסגעצוואָגען און אָנגעטהון ריינינקע מלבושים׳לעך האָט ער אַלעמען פערוואונדערט דורך זיין גרויסער שענהייט.

— איך ווייס נישט — האָט דעל מאָנטע געזאָגט צו זיין פרוי — דאָס יונגעלע איז זעהר שען, אָבער איך זעה נישט אין זיין פנים דעם יודישען כאַראַקטער. ער איז אויך גאָרנישט עהנליך צו זיינע ברידער און שוועסטער, וועלכע איך האָב נאָך זייער טויט געזעהען.

—וואונדער זיך נישט; — האָט ווילהעלמינע געזאָגט, — דאָס קלימאַט, אין וועל־

גען מיר לעבען שוין העכער טויזענד יאָהר, האָט אַ שטאַרקע ווירקונג געהאַט אויף אונזער געשטאַלט. בלאָהע אויגען און בלאָנדע האָר געפינען זיך נישט זעלטען אויך צווישען יודען.

— דאָס איז זעהר ריכטיג — האָט דעל מאָנטע געזאָגט — אָבער דער שטרענג גערמאַנישער טיפ פונ׳ם קלײנעם יאזעף וואַרפט זיך צו שטאַרק אין פּנים. אויסערדעם זעה איך אין זײן פּנים עפּעס וואָס שטאַרק בעקאַנטעס. נאָר זאָל זיך זײן, ווי עס וויל. מיר וועלען איהם ערציהען אין פרומער יודישקײט.

און אַזוי איז עס טאַקע געשעהען. רפאל און זײן פרוי האָבען ערצויגען דעם קלײנעם יוסף׳ל מיט ליעבשאַפט און זאָרג, און ווען שפּעטער איז בײ זײ אַ טאָכטער געבאָרען געוואָרען, וועלכע זײ האָבען אַ נאָמען געגעבען שפּרינצא, איז יוסף פאָרט געבליעבען זײער געליעבט קינד. יוסף האָט זיך אפילו גאָר נישט דערוואוסט, אַז ער איז אַן אָרים, פערלאָזען יתומ׳ל, וואָס מען האָט פון רחמנות וועגען אין שטוב אַרײנגענומען. ער האָט טאַקי געמײנט, אַז רפאל איז זײן פאָטער און ווילהעלמינא זײן מוטער.

---

## ה.

## אויף דער אוניווערזיטעט.

דער קלײנער יוסף איז זיך געוואָקסען צו דער גרויסער פרײד פון זײנע ערציהער שען און קלוג. ער האָט גרינדליך געלערנט בײ זײנע מלמדים תורה און האָט שוין געהאַט אַ גאַנץ גוטע ידיעה אין תלמוד, ווי אויך אין אַ גרויסען טײל פון זײנע מפרשים. אין דער זעלבער צײט האָט איהם אָבער רפאל אויך געגעבען אַ גרינדליכע בילדונג. ווען ער איז ענדליך אַלט געוואָרען א יאָהר 19—20, האָט רפאל איהם געלאָזען די וואַהל אויסקלויבען זיך אַ שטודיום אַלס אַ לעבענס-צוועק. יוסף האָט בעשלאָסען צו לערנען מעדיצין און איז אַרײנגעטרעטען אין פּראָגער אוניווערזיטעט. נאָכדעם ווי ער האָט דאָרט געלערנט אַ געוויסע צײט, איז ער לויט דער עצה פון רפאל׳ן אַרויסגעפאָהרען קײן דײטשלאַנד, כדי דאָרט צו לערנען בײ בעוואוסטע פּראָפעסאָרען זײן וויסענשאַפט. רפאל דעל מאָנטע אלײן האָט פריהער שטודירט אין הײדעלבערג; אַהין האָט ער אויך געשיקט יוסף׳ן.

ווען יוסף איז קײן הײדעלבערג געקומען, האָבען די לעקציעס זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבען, און סטודענטען זענען נאָך אויך נישט פיעל געוועזען. אין אַ שענעם פריה-מאָרגען האָט יוסף געמאַכט אַ שפּאַציער-גאַנג אין אַלטען שלאָס אַרײן. ענטציקט האָט ער פון דאָרט געקוקט אין אַלטען טהאָל אַרײן. פּלוצלונג האָט ער דערשפּירט, ווי עמיצער האָט איהם פון הינטען צוגעגענומען און צוגעפּ-

געלעגט איהם ביידע הענד אויף די אויגען.

—טרעף, מיין יונג, טרעף, ווער בין איך?—האָט ער אַ שטימע דערהערט.

—איך ווייס נישט—האָט יוסף געענטפערט פערוואונדערט—די שטימע איז מיר גאָר פרעמד.

—אָה, דו אַלטער נאַר!—האָט יענער ווייטער אויסגערופען—אַ חבר זאָל מען נישט דערקענען, אַ בעסטען פריינד!

אין דעם אויגענבליק האָבען די הענד איהם פריי געלאָזען, און ער האָט צו זיין גרויסער פערוואונדערונג דערזעהן אַרום זיך אַ גאַנצע גרופע סטודענטען.

—אָבער דאָרענבאַך—האָט דער ערשטער וואָס האָט איהם די הענד אויף די אויגען געהאַלטען אַרויפגעלעגט, געזאָגט—דאָרנבאַך, וואָס פאַר אַ נאַריש פנים מאַכסטו? גיעב אַהער דיין אַריסטאָקראַטיש הענדטעל, וואָס פערשטעהט אַזוי גוט צו שלאָגען זיך. איך גלויב גאָר, אַז דו ביסט אַ סטאַטעצנער בחור געוואָרען.

—מיינע הערען—האָט יוסף געזאָגט—ס'מוז דאָ שטעקען אַ מיספערשטענדניש. איך בין, אמת, פון בעהמען, אָדער ווי איהר רופט עס אָן אַ „בעמע”. אָבער איך הייס נישט דאָרנבאַך און האָב ביז יעצט גאָר נישט געהאַט די עהרע צו קענען זיך מיט אייך.

—עה, דאָס געהט שוין צו-וויים! דאָרנבאַך, דאָרנבאַך, כ'האָב מורא, דו ביזט אַראָב פון זינען!

—וואָס קומט דאָ פאָר?—האָט פלוצלונג אויסגערופען אַ שטימע. יוסף איז אַ פערציטערטער געוואָרען, הערענדיג די שטימע, דען ס'האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער הערט זיך אַליין רעדען...

אַלע האָבען זיך אַ קעהר געטהון, און ערשטוינט האָט יוסף דערזעהן זיין צווייטען „איך”,—אַ יונגען מאַן, וואָס איז, ווי צוויי טראָפען וואַסער געווען עהנליך צו איהם.

—גאָך אַ דאָרנבאַך, צוויי דאָרענבאַך'ס—האָבען אַלע סטודענטען אויסגערופען פערוואונדערט.

—מיין הערר—האָט יוסף געזאָגט צום צוגעקומענעם—אייער ערשיינען וועט זיין אַנ'אויפקלערונג פאַר דער מיספערשטענדניש פון די דאָזיגע הערען, וועלכע האָבען מיך אָנגענומען פאַר אייך.

—ווירקליך—האָט דער צוגעקומענער סטודענט געזאָגט—איך אַליין וואונדער זיך אויך. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז עמיצער זאָל קאָנען זיין אַזוי עהנליך צו מיר. מיט וועמען האָב איך די עהרע צו ריידען?

—איך הייס דעל מאָנטע און בין פון פראָג. איך שטודיר מעדיצין.

—זענען מיר דאָך לאַנדס-לייט. אויך איך בין פון בעהמען. איך הייס דאָרענבאַך און שטודיר קאַמעראַליא.

די איבריגע סטודענטען, די פריינד פון יונגען גראַף בענאָ פאָן דאָרנבאַך, האָבען זיך נישט געקאָנט גענוג אָנוואונדערן, זעהענדיג די וואונדערליכע עהנליכקייט צווישען ביידע יונגעלייט. און זייער פערוואונדערונג איז אויסגעוואַקסען נאָך שטאַרקער, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז דעל מאָנטע איז אַ יוד.

גראָף בענאַ פאָן דאָרנבאַך איז דורך זײַן מוטער, אמת, ערצויגען געװאָרען אין אַריסטאָקראַטישע און רעליגיעזע פאָראורטײלען, אָבער דער יונגער מאַן איז געװען פון אַ לעבהאַפטען כאַראַקטער און, װען ער האָט די װעלט דערקענט, האָט ער זיך אַלײן אָבגעזאָגט פון פיעל פאָראורטײלען; דעריבער האָט ער גאָר נישט געקוקט דערױף, װאָס יוסף דעל מאָנטע איז אַ יוד, און האָט זיך צוגעבונדען צו איהם אהבת נפש פון דער ערשטער מינוט אָן, װאָס ער האָט איהם דערזעהען. אין די סטודענטישע קרײזען האָט מען זײ אַ נאָמען געגעבען דער צווילינג. בענאַ איז געװען אַ גרױסער מזיק אין סטודענטישע שלאָגערײַען און אַט פלעגט ער אָפט פערטײדיגען זײַן פרײַנד יוסף פון אַלע אָנפאַלען, װאָס אַ יודישער סטודענט האָט תמיד געהאַט אױסצושטעהן. פון דער אַנדער זײַט איז בענאַ פיעל אײדעלער און אָרענטליכער געװאָרען דורך דער פרײַנדשאַפט מיט יוסף דעל מאָנטע און ער האָט זיך אָנגעהויבען דערװײַטערן פון די װילדע מחזקות מיט די סטודענטען.

ערװײַל האָט גרעפין דאָרנבאַך דערװאוסט זיך פון איהר זוהנס בריעף, אַז ער הבר'ט זיך מיט אַ יודען. אויף דער גרעפין האָט די זאַך געמאַכט אַ שרעקליכען אײַנדרוק און נאָך מעהר איז זי פערציטערט געװאָרען, װען זי האָט זיך דערװאוסט, אַז דער יוד איז אַ זוהן פון יענעם דעל מאָנטע, װעלכען זי האָט פריהער אָבגעשטױסען פון זיך אויף אַ גרױזאַמען אופן.

אין יענע שרעקליכע טעג, װען די גרעפין האָט איהר מאַן און איהר קינד פערלאָרען, איז זי טויט-קראַנק געװאָרען. װען זי איז דערנאָך, ערשט אין פיעל װאָכען אַרום, װידער געזונד געװאָרען, האָט זי אָנגעהויבען נאָכפאָרשען נאָך איהר פערלאָרענעם קינד אָבער אַלע איהרע פאָרשונגען זענען געװען אומזיסט. אמת, זי האָט זיך דערװאוסט, אַז מען האָט אינ'ם טאָג פון איהר אומגליק געזעהן אַ פרעמדע פרוי אין דאָרף און אין שלאָס און אַז זי האָט דערנאָך געקויפט אין אַ קלײן שטעדטעל אַביסעל מילך און אַ קינד אָנגעקאָרמעט, אָבער פון דעם אויגענבליק אָן, איז יעדע שפור פון דער פרוי פערשװאונדען געװאָרען. די גרעפין האָט אויך געזוכט צו'ערקלערונג פאַר'ן אויסרוף פון איהר מאַן פאַר זײַן טויט: „מאַרינקא, דײַן קללה האָט זיך ערפילט״.—אָבער אויך פון דעם האָט די גרעפין קײן פיעל נוצען נישט געקאָנט האָבען. זי האָט אָנגעהויבען נאָכצופרעגען זיך װעגען איהר מאַנ'ס לעבען אין ברין און זיך דערװאוסט, אַז ער פלעגט דאָרט פיעל פערברענגען מיט אַ מײדעל מאַרינקא, אָבער אָט די מאַרינקאַ איז פערשװאונדען אָהן אַ שפור. די גרעפין האָט דעריבער אָבגעזאָגט זיך פון יעדער האָפנונג איהר קינד צו געפינען און האָט איהר גאַנצע טרײסט געזוכט אין איהר צװײטען זוהן בענאָ. פון קײן שלאָף האָט זי אָבער שוין מעהר נישט געװאוסט, דען שטענדיג האָט זי געהאַלטען אין אײן טראַכטען, װאָס איז מיט איהר ערשטען קינד בורנאַ געװאָרען.

— װער װײסט — פלעגט זי זיך טראַכטען — אפשר געפינט ער זיך גאָר בײַ עלענדע ציגײַנער אין די הענד און אַזוי אַרום װעט אויסװאַקסען פון איהם

אַ גנב, אפשר גאָר אַ מערדער, וואָס וועט פאַר זײַן לעבען אין די טורמעס צופּרענגען און אפשר גאָר ענדיגען עס אויף דעם עשאַפאָט אונטער די הענד פון אַ תּליון!...

דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהר קײַן מנוחה־שעה נישט געגעבען און זי האָט אָנגעהויבען זוכען טרײַסט בײַ איהר גלח... דער גלח האָט, אַנשטאָט טרײַסט, איהר ערקלערט, אַז זי ברויך צו געבען פיעל נדבות פאַר׳ן קלויסטער, כדי אויס־צוקויפען די מעגליכע פערברעכענס פון איהר זוהן. די גרעפין האָט געפאָלגט דעם גלח און האָט זיך איבערגעגעבען דעם קלויסטער מיט לײַב און זעעל, און אָט דערוויסט זי זיך, אַז איהר אײנציג געבליעבען קינד בענאָ, חבר׳ט זיך גאָר מיט אַ יודען!

די גרעפין האָט זיך מיישב געווען וועגען דעם מיט איהר גלח און דאַן האָט זי אָנגעשריבען איהר זוהן אַ לאַנגען בריעף, אין יועלכען זי האָט איהם מזהיר געווען נישט צו מאַכען קײַן מחזקות מיט׳ן „פון ג—ט פערלאָזענעם" יודען. דער יונגער גראַף האָט דעם בריעף געוויזען זײַן פרײַנד דעל מאָנטע, וועלכער איז גראָד בײַ איהם געזעסען, ווען מען האָט איהם דעם בריעף געבראַכט.

— דו מוזט בעזײַטיגען די פאָראורטײַלען פון מײַן מוטער — האָט גראַף בענאָ געזאָגט — און דאָס קאָנסטו טהון צאַמבעסטען, ווען דו וועסט די זומער־מאָנאַטען, ווען מיר זענען פרײַ פון שטודיום, פערברענגען בײַ אונז, אין שלאָס דאָרנבאַך. איך בין זיכער, אַז ווען מײַן מוטער וועט זיך מיט דיר בעקענען, וועט זי דיך בעקומען ליעב.

— פונ׳ם בריעף פון דײַן מוטער — האָט יוסף געענטפערט, אָבנעבענדיג זײַן חבר זײַן מוטערס בריעף צוריק — זעה איך, אַז איך וועל איהר פערשאַפען גרויס עגמת־נפש, אַרײַנקומענדיג צו איהר אין שטוב, אַלס יודישער חבר פון איהר זוהן. איבריגענס, די זאַך איז פאַר מיר גאָר אונמעגליך, ווײַל איך וועל דאָך נישט קאָנען עסען בײַ אײַך.

— בנוגע דאָס—האָט בענא געזאָגט—וועט מען זיך לײַכט אַן׳עצה געבען. אין דאָרף דאָרנבאַך געפינען זיך גאַנץ אָנשטענדיגע יודען, וועלכע וועלען דיך בעזאָרגען אויפ׳ן בעסטען אופן מיט אכילה־ושתיה, און מײַן מוטער—אָה, איך בין זיכער, אַז זי וועסט מיט דײַן אײַנפלוס אויסקורירען איהר פון איהר מרה־שחורה און פאָראורטײַלען. טהו עס מיר צוליעב, ווײַל עס טהוט מיר וועה צו זעהן, ווי מײַן מוטער לײַדעט און פערבימערט זיך דאָס לעבען. אין דײַן גאַנצען וועזען ליגט עפּעס וואָס אַזעלכעס, וואָס ציהט מיך צו דיר, און איך ווײַס נישט, וואָס דאָס זאָל זײַן. איך בין זיכער, אַז אויך מײַן מוטער וועט אַזוי צוגעצויגען ווערען צו דיר און זאַן וועסטו געוויס האָבען אויף איהר אַ גינסטיגען אײַנפלוס און נעמען איהר אַרויסרײַסען פון איהר טריעבער אַטמאָספערע.

ו.

# אין שלאָס פון גראף דארנבאך.

אין אַ פּרעכטיגען זומער-טאָג האָט די קאַרעטע פון גרעפין דאָרנבאַך אראָבגענומען פון וואָקזאַל דעם יונגען גראַף, בענאָ דאָרנבאַך, מיט זיין יודישען חבר, יוסף דעל מאָנטע. דער וועג פון וואָקזאַל צום שלאָס האָט זיך געצויגען דורך אַ געדיכטען דעמבאָווען וואַלד באַרג אַרויף. גראַף בענאַ איז, מיעד פון וועג איינגעשלאָפען אין דער קאַרעטע; יוסף אָבער האָט זיך אַ פערגעניגען געמאַכט: ער איז אַרויסגעשפרונגען פון דער קאַרעטע, וועלכע איז געפאָהרען לאַנגזאַם, און האָט איהר בעגלייטעט צו-פוס, שפּאַצירענדיג באַרג אַרויף. ווען ער איז ענדליך אויפ׳ן באַרג געקומען, האָט זיך פאַר זיינע אויגען געעפענט אַ פּרעכטיג בילד פון אַ פרוכטבאַרער לאַנדשאַפט. גראַדע אַנטקעגען איז געלעגען דאָס שלאָס דאָרנבאַך, כמעט אויף אַ שפּיץ באַרג, אַרום וועלכען ס׳איז געלעגען דאָס דאָרף דאָרנבאַך. יוסף איז געבליעבען שטעהן ווי בעצויבערט. אָבער האָט ער דערזעהען אַ דאַמע, וואָס קומט אַרויף צו איהם אויפ׳ן באַרג. אויך זי האָט איהם דערזעהען און געוואונקען צו איהם מיט איהר וויסער פאַטשיילעכעל. יוסף איז געגאַנגען איהר אַנטקעגען. באַרג-אַרונטער איז פאַר איהם דער וועג געווען לייכטער. און נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט אַרומצוקוקען זיך, האָט ער דערשפּירט ווי די דאַמע נעהמט איהם אַרום און קושט איהם.

—מיין זוהן, מיין טייערער זוהן! — האָט די דאַמע אויסגערופען — ענדליך האָב איך דיר ווידער. די בענקשאַפט האָט מיך געטריבען אַהער צו דיר, צו מיין איינציגער, דו מיין אַלעס, וואָס איז מיר אין לעבען געבליבען!

און די גרעפין — דען דאָס איז זי געווען — האָט זיך צעוויינט פאַר פרייד, וואָס זי זעהט ענדליך איהר זוהן.

יוסף האָט אַ טראָט געטהון אַ שריט צוריק.

— איהר האָט אַ טעות, מאַדאַם, — האָט ער געזאָגט — איך בין נישט אייער זוהן. גראַף בענאַ איז אין דער קאַרעטע געבליעבען, וועלכע וועט באַלד אָנפאָהרען.

די גרעפין האָט געקוקט אויף איהם מיט אונגלויבען און פערוואונדערונג.

— דו מאַכסט זיך אַ שפּאַס, ליעבער בענאַ, — האָט זי געזאָגט — צי מיינסטו דען, אַז ווי באַלד דו האָסט זיך שוין געלאָזט אָנוואַקסען אַ שטיקעל בערדעלע, האָסטו זיך שוין אַזוי פערענדערט, אַז דיין אייגענע מאַמע וועט דיך נישט דערקענען?

— נײַן גנעדיגע פרוי — האָט יוסף געענטפערט — איהר האָט װירקליך אַ טעות. איך הײס יוסף דעלמאָנטע.

אין דעם אויגענבליק איז אָנגעפאָהרען די קאַרעטע, פון װעלכער ס׳איז אַרויסגעשפּרונגען בענאַ דאָרנבאַך און האָט זיך געװאָרפען זײַן מוטער אויפ׳ן האַלז.

די גרעפין איז פערשטײנערט געװאָרען פון שרעק און איבערראַשונג. זי האָט געקוקט פון בענא אויף יוסף׳ן און פון יוסף׳ן אויף בענאַ׳ן.

— רבונו של עולם — האָט זי ענדליך אויסגערופען — װאָס פאַר אַנ׳עהנליכ-קײט! װי צװײ ברידער, װי צװילינגס-ברידער!...

די גרעפין האָט זיך צעװײנט די יונגע לײַט, װאָס האָבען געװאוסט פון איהר טרויעריגער געשיכטע, האָבען איהר שמערץ געאַכטעט און געשװיגען. דאַן זענען אַלע דרײַ אין װאָגען אַרײַן און אָפּגעפאָהרען צום שלאָס.

נאָכדעם װי די גרעפין זיך אַ ביסעל בערוהיגט, האָט זי געזאָגט צו יוסף׳ן:

— נישט אמת, אײַער [illegible] הײסט רפאל [illegible] דעל מאָנטע אין האַמבורג?

— אין האַמבורג — האָט יוסף געענטפערט, איז ער געבאָרען, אָבער ער װאוינט שוין פיעל יאָהרען אין פּראָג. אין אָט דער שטאָדט איז אויך מײַן מוטער געבאָרען.

די גרעפען אַגנעס פאָן דאָרנבאַך איז געװען אין אַ געװאַלדיגער אויפרעגונג. נישט בלויז די װאונדערבאַרע עהנליכקײַט פון יוסף מיט איהר זוהן, נאָר אין דער העכסטער מדרגה — מיט איהר פערשטאָרבענעם מאַן, האָט איהר געמוזט פיהרען אויפ׳ן געדאַנק, אַז זי זעהט פאַר זיך איהר פערלאָרענעם זוהן. דערצו האָט נאָך איהר געװאַלטיג פערװאונדערט דער פאַקט, װאָס ער הײסט דעל מאָנטע און איז ערצויגען געװאָרען דורך רפאל דעל מאָנטע, װעלכען זי האָט אַ מאָל בעלײדיגט און פערשטויסען פון זיך.

— צי איז דען נישט מעגליך — האָט זי געטראַכט פאַר זיך — אַז אָט דער יוד האָט, צוליעב נקמה אָן מיר, מײַן זוהן געגנב׳עט און איהם אַלס יוד ערצויגען?.. צי האָט ער דען געקאָנט נעהמען אַ גרעסערע נקמה? רבונו של עולם, עפען מיר די אויגען, אַז איך זאָל זעהן קלאָר אין דער זאַך און מײַן קינד װידער געפינען!

צו װעטשערע איז יוסף נישט עראַינגען.

— װאו איז דײַן פרײַנד? — האָט די גרעפען בײַ איהר זוהן געפרעגט.

— דו מוזט איהם ענטשולדיגען, מאַמעשע-קרוין. ער איז אַזאַ פערברענטער יוד, אַז ער עסט נישט אונזערע מאכלים. איך האָב דעריבער בעשטעלט דעם אַלטען שמשון אין דאָרף אָנצוגרײטען פאַר איהם עסענס, דען נאָר אויף אָט דעם בעדינג האָט יוסף אײַנגעשטימט מײַן גאַסט צו זײַן דאָ.

װען יוסף איז נאָכ׳ן עסען צוריקגעקומען, האָט די גרעפין געזאָגט צו איהם:

— איהר האָט אונז דאָ געפעהלט בײַם עסען.

— צי האָט מיך דען גראַף בענאַ נישט ענטשולדיגט? — האָט יוסף געפרעגט.

— געװיס האָט ער עס געטהון, אָבער די זאַך װאונדערט מיך זעהר. איך

האָב אַמאָל גוט געקענט אײַער פאָטער. ער פלעגט עסען מיט אונז צוזאַמען און קײן שום בעדאַכטען זיך.

— מײַן פאָטער?

— אויב נאָר דאָס איז דעו־זעלבער רפאל דעל מאָנטע, וועלכער האָט מיט 22 יאָהר צוריק געלעבט אין וויען, וואו מען האָט דאַמאָלט געמײנט, אַ ער איז אַ איטאַליענישער באַראָן און נאָר שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַ יוד פון האַמבורג.

— מײַן פאָטערס יוגענד־געשיכטע איז מיר נישט בעקאַנט; אָבער אויך וויפיעל איך קאָן זיך דערמאָהנען, איז מײַן פאָטער שטענדיג געווען אַ שטרענג־פרומער יוד און אין דעם זין האָט ער אויך מיך ערצויגען.

— יענער דעל מאָנטע, וועלכען איך האָב געקאָנט — האָט די גרעפין גע־זאָגט — איז געװען אַ שענער, שלאַנקער מאַן מיט שוואַרצע האָהר און שוואַרצע אויגען. איהר זענט צו איהם קײן האָהר נישט עהנליך.

אײַער שילדערונג גנעדיגע פרוי, איז זעהר ריכטיג. מײַן פאָטער—זעהט נאָך אויס הײַנט אויך נאָך גאָר יונג.

—אפשר זענט איהר עהנליך צו אײַער מוטער?

— איך בין נישט עהנליך צו מײַן מוטער, נישט צו מײַן שוועסטער. ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, פלעגען פרעמדע געסט מאַכען די בעמערקונג, אַז איך זעה אויס גאָר ווי אַ פרעמד קינד אין שטוב. די עלטערן האָבען דערויף געשמײכעל'ט און געשוויגען.

— ס'איז געוויס אַזוי, ס'איז נישט אַנדערש! — האָט די גרעפין שטיל גע־רעדט פאַר זיך.

דאָס געשפּרעך איז געבליבען הענגען אין דער לופטען. די יונגע לײַט זענען זיך באַלד פונאַנדערגעגאַנגען.

ווען די גרעפין איז אַלײן אין איהר צימער געבליבען, האָט די אָנגע־הויבען שפּאַנען האַסטיג אַהין־און־צוריק.

ס'קאָן אַנדערש נישט זײַן—האָט זי פאַר־זיך גערעדט — דער דאָזיגער דעל מאָנטע איז מײַן זוהן, און רפאל האָט איהם אַלײן אַרויסגעגנב'עט, אָדער ער האָט עס געטהון דורך אַ שליח, כדי אַזוי אַרום נקמה צו נעהמען אָן מיר, ער־ציהענדיג מײַן קינד פאַר אַ יוד, ווײַל איך האָב איהם פון זיך פערשטויסען, ווען איך האָב דערהערט, אַז ער איז אַ יוד. דאַמאָלס האָט ער אַלײן געוואָלט שמד'ן זיך, אָבער ווען איך האָב אויך דאַן געוואָלט הערען וועגען איהם, איז ער אַ פרומער יוד געוואָרען, כדי אויך אַזוי מײַן קינד צו ערציהען. דאָס איז שוידער־האַפט, אימה'דיג!

די גרעפין האָט שוין די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפען און ווי נור ס'איז טאָג געוואָרען, האָט זי נאָך איהר גלח געשיקט און איבערגעגעבען איהם איהר חשד.

— צי האָט אײַער זוהן — האָט דער גלח געפרעגט — נישט געהאַט

אַ סימן אויפ'ן לײַב, פון וועלכען מען וואָלט געקאָנט איהם מיט זיכערקייט דערקענען?

— יאָ! אַזאַ סימן האָט ער געהאַט; ער איז געווען מײַן ערשט-געבוירע־נער, אין די הויבען האָט מיר דאַמאָלס געזאָגט: „מיר האָבען אַ גוטען סימן, ווי אַזוי צו דערקענען צווישען בײַדע ברידער, ווער איז דער ערשטער, ווער דער צווײַטער, דען דער ערשטער האָט אַ שטערן-פאַרמיגען לעבער-פלעק אויף דער לינקער ברוסט". מײַן בענאָ האָט אַזאַ צײַכען נישט און שפּעטער איז דאָס געווען דער אײַנציגער סימן, ווי אַזוי מיר פלעגען דערקענען, ווער איז ברונאָ און ווער בענאָ.

בײַ די ווערטער איז גראַף בענאָ אַרײַנגעקומען צו זײַן מוטער אין צימער צו זאָגען איהר „גוט-מאָרגען". נאָכדעם ווי ער האָט בעגריסט דעם גלח און זײַן מוטער די הענד געקושט, האָט די גרעפין געפרעגט בײַ איהם:

— בענאָ, צי האָסטו זיך אַמאָל געבאָדען אין הײַדעלבערג אין נעקאַר?

— געוויס, מאַמעשי.

— און דײַן פרײַנד האָט זיך אַ מאָל געבאָדען מיט דיר צוזאַמען?

— זעהר אָפט, בשעת'ן באָדען זיך, ווען מיר זענען אָהן מלבושים געווען, האָבען מיר אַלײן נישט געקאָנט אונטערשײַדען צווישען זיך, ווער אײנער און ווער דער אַנדערער איז. נור דורך אײן סימן האָט מען עס געקאָנט אונטער־שײַדען: דעל מאָלטע האָט אויף דער לינקער ברוסט אַ שטערן-פאַרמיגען לע־בער-פלעק!

— ער איז עס! האָט די גרעפין אויסגערופען, און איז אין חלשות געפאַלען.

---

## ז.

## איבעררײדונג צום שמד.

גראַף בענאָ איז צוגעלאָפען צו זײַן מוטער; ער האָט געכאַפּט אַ פלאַקאָן קעלנישע וואַסער פון דער גרעפינס טומלעטען-טיש און געשווינד בעגאָסען איהר דעם פּנים.

— וואָס איז דיר, מאַמע, — האָט ער אויסגערופען אַ פערציסערטער, ווען זײַן מוטער האָט די אויגען געעפענט.

— מײַן זוהן בענאָ — האָט די גרעפין שטיל געזאָגט — דײַן פרײַנד דעל מאָנטע איז קײן אַנדערער, ווי דײַן לאַנג פערלאָרענער ברודער ברונאָ.

— אָה, כ'האָב עס געשפּירט!

— ווי, מײַן זוהן, אויב דו האָסט עס געשפּירט!

— יאָ, מאַמעשי, פון ערשטען אויגענבליק אָן, ווי איך האָב איהם אי־

הײדעלבערג דערזעהען! אָבער שטאַרקער פאַר אַלץ איז געװען דאָס געפיהל, װאָס האָט מיך מיט אַ געװאַלטיגער קראַפט צו איהם געצױגען אַזױ, אַז איך האָב לגמרי פערגעסען אָן דעם אונטערשיעד צװישען אַ יודען און אַ מענשען פון מײן שטאַנד, װי אויך צװישען יוד און קריסט. אָבער, מאַמעשי, זאָג, װאָס בעװעגט דיך הײנט צו זאָגען דאָס אַזױ זיכער?

די גרעפין האָט דאַן דערצעהלט איהר זוהן װעגען איהר פריהערדיגער בעקאַנטשאַפט מיט רפאל דעל־מאָנטע און װעגען דער נקמה, װעלכע ער האָט, לױט איהר מײנונג, גענומען אָן איהר. דער צײכען, װאָס יוסף האָט אויף דער ברוסט, איז דער בעסטער סימן צו דערקענען איהם, װער ער איז.

איך געה אַלזאָ צו מײן חבר און פאַל איהם אויפ׳ן האַלז און קוש איהם, אַלס מײן ברודער און דאַן ברענג איך איהם צו דיר, אַלס דײן זוהן! — האָט בענאָ אױסגערופען.

— װאַרט, הערט גראַף, — האָט דער גלח זיך אַרײנגעמישט — איהר פערגעסט, אַז אײער ברודער איז אַ כופר, אַ יוד—געװיס אָהן זײן שולד—אָבער דאָך אַ כופר, װעלכער מוז זיך ערשט אָבזאָגען פון זײן כפירה, אײדער ער דאַרף אָנערקענט װערען אַלס גראַף ברונאָ פאָן דאָרנבאַך.

— דער הערר גלח איז גערעכט — האָט די גרעפין געזאָגט, — אָה, װי בענקט מײן האַרץ צו קאָנען צו־פרעסען מײן קינד צו מײן ברוסט! אָבער דאָ מוז מען מעסיג זײן און בעהערשען זיך אַלײן. איך פאָהר קײן פראָג און געני אױספאָרשען די זאַך. דערװײל בלײב דו מיט דײן — — פרײנד דאָ, װעהרענד דער גלח װעט אָנהױבען לערנען מיט איהם און אױפקלערען איהם זײנע טעות׳ן, גיעב מיר דײן עהרענװאָרט, בענאָ, אַז דו װעסט מיט דײן — — פרײנד קײן אײנציג װאָרט נישט רײדען װעגען דעם, װאָס דו האָסט דאָ געהערט.

— מאַמע — האָט בענאָ געענטפערט, — אויב יוסף איז מײן ברודער װעל איך איהם ליעב האָבען, אַלס אַ ברודער, אַלץ אײנס, אויב ער איז יוד אָדער קריסט, די פערלאַנגטע הבטחה אָבער גיעב איך דיר.

אויף צומאָרגענס איז גרעפין דאָרנבאַך שױן געװען גרײט צו דער רײזע װען יוסף האָט איהר די האַנד געקושט בײם אָבשיעד, האָט זי געזאָגט:

— לאָזט מיך, יונגער פרײנד, אַרומנעהמען אײך אין מײנע אָרעמס, װײל מײן ברודערס פרײנד ליעב איך, װי מײן אײגענעם זוהן.

דאַן האָט זי איהם אַ קוש געטהון אויפ׳ן שטערן און האָט זיך שטאַרק צעװײנט.

— און װען איהר קאַרעטע איז ענדליך פערשװאונדען געװאָרען, האָט יוסף אַ זאָג געטהון צו זײן פרײנד:

— צי איז דען דיזעלבע פרױ, װאָס האָט דיר געשריעבען יענעם בריעף, װאָס איז אַזױ פול געװען מיט שנאה צו יודען?

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט — האָט גראַף בענאָ געענטפערט, — אַז מײן מוטער װעט דיך ליעב בעקומען, װען זי װעט דיך דערזעהען!

נאָכמיטאָג-צײַט איז דער גלח געקומען מיט אַ וויזיט אין שלאָס אַרײַן. דער יונגער גראַף האָט פאַר זײַן פרײַנד פאָרגעשטעלט דעם גלח, אַלס דעם לעהרער פון זײַן יוגענד און בעל-יועץ פון זײַן מוטער.

— איהר שטודירט מעדיצין? — האָט דער גלח געפרעגט בײַ דעל מאָנטע?

— יאָ, הערר גלח.

— איך מוז אײַך מאַכען אַקאָמפּלימענט דערמיט, וואָס איהר האָט זיך נישט אָבגעזאָגט פון דער רעליגיע, ווי עס טהוען דאָס אַנדערע מעדיקער געוועהנליך.

— דאָס קומט פאָר, הערר גלח, על כל פנים בײַ אונז יודען, נור בײַ יענע מעדיקער, וועלכע האָבען אין דערהיים נישט געהאַט קיין יודישע ערציהונג און אַנשטאָט רעליגיע לערנען זיי נאַטורוויסענשאַפט. אַזוי אַרום ווערען זיי מאַטעריאַליסטען.

— און איהר, הערר דעל מאָנטע, איהר האָט יאָ בעקאַנטשאַפט מיט אײַער רעליגיע?

— איך בין אויסגעוואַקסען אויפ'ן למוד פון תנ"ך און פון תלמוד.

— צי האָט איהר אויך געלייענט דעם ספר ישעי'?

— געוויס!

— און וואָס דענקט איהר וועגען יענע שטעלען, וועלכע זאָגען נבואה דײַטליך וועגען קריסטענטום?

— מײַן ליעבער הערר גלח, לאָמיר בעסער נישט ריידען וועגען אַזעלכע ענינים, נישט איך וועל עמיצען מגייר זײַן, נישט איך וויל זיך לאָזען אָבפיהרען פון יורענטום.

— ניין, הערר דעל מאָנטע, לאָמיר זיך האַלטען בײַ אָט דער טעמאַ. ס'מאַכט מיר פרייד צו לערנען עמיצען די וואָהרהײַט אָדער אַליין פון עמיצען צו לערנען.

— אויב איהר ווילט עס דוקא, מוז איך אײַך זאָגען, אַז די קריסטליכע ערקלערונגען פון יענע שטעלען אין ישעי' זענען ענטוועדער מיספערשטאַנען, אָדער פאַלש. די שטעלען בעציהען זיך אָדער אויף מלך חזקי', אָדער אויפ'ן כלל ישראל, אָדער אויף משיח'ן, וועלכען מיר ערוואַרטען. קיין איינציגער פסוק קאָן דאָרט נישט האָבען קיין אָנווענדונג אויפ'ן קריסטענטום.

— אָבער איהר זעהט דאָך, אַז אַזוי פיעל הונדערט מיליאָנען מענשען האָבען אַנערקענט דאָס קריסטענטום, וועהרענד דאָס יודענטום האָט וועניג מענשען אַנערקענט און איז פון אַלעמען פערראַכטעט און ס'ליעגט אויפ'ן יודישען פאָלק אַ קללה.

— טאָ וואָס דערווײַזט עס, הערר גלח? צי זענען דען נישט פאַרהאַן אויך אַזוי פיעל מחמדאַנער און נאָך מעהר געצענדיענער-בודיסטען אויף דער וועלט? בנוגע דער קללה האָט שוין משה רבינו זי אונז פאָראויסגעזאָגט אין פאַל, ווען מיר וועלען ג—ט פערלאָזען און זײַנע געבאָטען נישט ערפילען. אָבער די קללה וועט זיך פערוואַנדלען אין אַ ברכה און נישט אייביג וועט ג—ט האַלטען זײַן צאָרן אויף אונז. ער וועט זיך ווידער דערבאַרימען אויף זײַן פאָלק, און דאַמאָלס

ווערען אַלע נאַציאָנען אָנערקענען, אַז ג—ט׳ס נאָמען איז אויף אונז גערופּען געוואָרען.

— אָבער, מיין הערר, משיח איז דאָך שוין געקומען און ער האָט דאָך שוין געבראַכט די אויסלייזונג פאַר די וואָס גלויבען אין איהם!

— און וואו איז זי, אָט די אויסלייזונג? דאָס פערברעכען הערשט נאָך אַלץ אויף דער וועלט און דער שקר געוועלטיגט; רויב, מאָרד, אונציכטיגקייט זענען אויף דער טאָג-אָרדנונג, דער שטאַרקערער דריקט דעם שוואַכערן, אָבנאַרעריי און פאַלשקייט דינען אַלס מיטעל געגען דעם נאַאיווען מענשען, און די ליעבע, וועגען וועלכער מען רעדט אַזוי פיעל, זי געפינט זיך נאָר אין די לעהרביכער און מען הערט וועגען איהר אין רעדעס; אָבער צווישען די מענשען הערשט שנאה די תאוה צו האָבען געלד, אייגעננוציגקייט און עגאָאיזם.

— און אין יודענטום?

— איהר פערגעסט, הערר גלח, אַז דאָס יודענטום האָפט נאָך ערשט אויף אויסלייזונג; אין פונדעסטוועגען מוז איך זאָגען, אַז דאָס יודענטום האָט אַ וואונדערליך פעראיידעלנדען איינפלוס אויף די יודען. ווי אַזוי וואָלטען מיר דען אַנדערש זיך קאָנען דערהאַלטען טויזענדער יאָהרען, היין די צייטען, ווען מען האָט אונז פערפֿאָלגט, און געדריקט, און דערנידריגט, ווען מען האָט אונז בעדעקט מיט חרפות און בזיונות? זינט דאָס יודישע פאָלק עקזיסטירט, האָבען אַלע נאַציעס אָנגענומען אַ פערניכטונגס-קאַמף געגען איהם, — אַזוי האָבען געטהון די עגיפּטער, די אַסירער, די באַבילאָניער, די מעדיער די פּערזיער, די גריכען און די רוימער קיינער אָבער האָט אונז אַזוי ביטערלין גישט וועה געטהון ווי די קריסטען. זיי האָבען אונז דערנידריגט ביז דער מדרגה פון קנעכט, מיט חרפות האָבען זיי אונז אין די געטאָ׳ס איינגעשלאָסען, מיט שטייערן האָבען זיי אונז דערדריקט, און מיט רויבעריי און מערדעריי גערודפט, און פונדעסטוועגען איז דער פעראַכטעטער שקלאַוו זיך געבליעבען דער קעניגליכער זוהן! אמת, ער טראָגט די חרפה פון רדיפות און גירושים, אָבער דערביי האָט ער די בעוואוסטזיניגקייט וועגען זיין גערעכטיגקייט און ערהאַבענהייט און די האָפנונג אויף אַ בעסערע צוקונפט בעשיצט איהם פון יעדער שפלות. און אָט דעם גרויסען וואונדער האָט בעוויזען דער למוד-התורה!

— איהר זענט אַ פאַנטאַזיאָר, יונגער פריינד; ווען עס זאָל טאַקי זיין אַזוי, ווי איהר זאָגט, טאָ פאַרוואָס איז דאָס יודענטום נישט געוואָרען קיין וועלט-רעליגיאָן?

— ווייל די תורה-הקדושה און איהרע געזעצען דאַרף מען קאָנען ליעבען און וועלען ערפילען און ביים יעצטיגען, נאָך וועניג ענטוויקעלטען צושטאַנד פון די מענשען און פעלקער פאַסען זיך ביידע נאָך נישט פאַר די מאַסען.

— איהר מיינט אַלזאָ, אַז דאָס יודענטום איז גוט נאָר פאַר יענע, וועלכע יענען אין איהם געבוירען?

— נײַן, אויך פאַר יענע, װעלכע פעראײניגען זיך מיט איהם צוליעב טיען פע איבערצײַגונג און אידעלע מאָטיװען.

— אָבער לאָמיר אָננעהמען, אַז אַ קינד, נאָך גאָר אַ קלײַן קינד, איז דורך פאַלשקײַט און געװאַלט אָבגעריסען און פערפרעמדעט געװאָרען פון קריסטענטום און ערצױגען געװאָרען אין יודענטום, צי איז דאָ נישט זײַן פליכט, װען ער װאַקסט אויף צוריק צוקעהרען זיך צו דער רעליגיע פון זײַנע עלטערן?

— נײַן, הערר גלח, אויך אין אַזאַ פאַל (װעלכען עס איז בכלל אונמעגליך פאָרצושטעלען זיך) מוז דער אין יודענטום ערצױגענער לױבען און דאַנקען ג—ט דערפאַר, װאָס ער האָט איהם געגעבען די מעגליכקײַט צו דערקענען די װאַהר־הײַט און ער מוז בלײַבען איהר געטרײַ.

— הערר — איז דער גלח אויפגעשפרונגען — איהר זענט אַ פערפלוכטער...

— ביטע, הערר גלח — האָט גראַף בענאַ איהם איבערגעשלאָגען — פערגעסט נישט, אַז נאָר איהר פערלאַנגט אָט דאָס געשפרעך און מײַן פרײַנד, דעל מאָנטע האָט אויף איהם גאָר נישט געװאָלט אײַנגעהן. איהר האָט נישט קײַן רעכט דע־ריבער בײז צו זײַן.

דער גלח האָט אַ קוק געטהון פעריװאונדערט אויף גראַף בענאָ, דאַן האָט ער געשװינד זיך בערוהיגט און, דערלאַנגענדיג די האַנד יוסף׳ן, האָט ער געזאָגט:

— ענטשולדיגט מײַן היציגקײַט יונגער פרײַנד, מיר װעלען אונטער אַנדערע און בעסערע בעדינגונגען דעם דאָזיגען געשפרעך װײַטער פיהרען.

## ח.

## דער אַרעסט.

װען גרעפין אַגנעס איז קײַן פראָג געקומען, איז זי אַװעקגעגאַנגען צו אַהױכען גלח און דערצעהלט איהם אַלץ, װאָס זי האָט געװאוסט װעגען איהר גערויבט קינד און װעמען זי איז חושד. אויך דער גלח האָט זיך געהאַלטען בײַ דער מײַנונג, אַז דעל מאָנטע האָט, צוליעב נקמה, גע׳גנב׳עט איהר קינד און ער־צױגען איהם, אַלס יוד. דורכ׳ן אײַנפלוס פונ׳ם גלח האָט זי באַלד בעקומען אַבע־פעהל צו אַרעסטירען רפאל דעל מאָנטע. דערצו האָט מען דער גרעפין געגעבען אַ פאָליצײַ-קאָמיסאַר מיט פיעל פאָליציאַנטען.

ס׳איז געװען אָװענד. רפאל דעל מאָנטע איז מיט זײַן װײַב און טאָכטער בײַם טיש געזעסען און האָבען געלײַענט אַבריעף, װאָס זײ האָבען דערהאַלטען פון יוסף׳ן, װעלכער האָט זײ געשילדערט זײַנע רײַזע-אײַנדרוקען און זײַן אָנקומען קײַן דאָרנבאַך. פלוצלונג האָט די טהיר זיך געעפענט, און גרעפין אַגנעס איז אַרײַנגעקומען.

— רפאל דעל מאָנטע — האָט זי געזאָגט — צי קענט איהר מיך נאָך?

— אַגנעס פאָן האָהענשטײַן! — האָט רפאל אויסגערופען ערשטוינט.
— נישט מעהר אַגנעס פאָן האָהענשטײַן. נאָר אַגנעס גרעפין דאָרנבאַך.
— גרעפין דאָרנבאַך? אפשר דיזעלבע, וואָס איהר זוהן איז פרײַנד פון מײַן יוסף'ן?
— פאַלשער מענש! וואָס האָט איהר פון מײַן קינד געמאַכט, וועלכען איהר האָט בײַ מיר גערויבט?
— גרעפין, איהר זענט פון זינען? איך האָב אײַער קינד גערויבט?
— יאָ, כּדי נקמה צו נעהמען פון מיר! ווײַל איך האָב אַמאָל פערשטויסען פון זיך דעם יודען, האָט איהר מײַנס אַ זוהן ערצויגען אַלס יוד!
— נאָך אַמאָל, גרעפין, איך פערשטעה אײַך נישט.
— איהר וועט מיך באַלד פערשטעהן! — האָט די גרעפין ביטער געענטפערט, דערבײַ האָט זי די טהיר געעפענט און אַרײַנגערופען די פּאָליציאַנטען, וואָס האָבען אין פּאָדערשטוב אויף איהר בעפעהל געוואַרט.
די פּאָליציאַנטען זענען אַרײַנגעקומען.
— רפאל דעל מאָנטע! — האָט דער פּאָליצײַ-קאָמיסאַר געזאָגט—איך אַרעסטיר אײַך. איהר ווערט אָנגעקלאָגט, אַז איהר האָט אַקריסטליך קינד גערויבט און געלאָזט עס ערציהען אין יודישען גלויבען.
— ס'טײַטש — האָט דעל מאָנטע אויסגערופען—אין אונזער יאָהרהונדערט ערלויבט מען זיך אַרויסצושטעלען אַזעלכע נאַריש-אונזיניגע אָבערגלויבען פון מיטעלעלטער, כּדי אָנצוקלאָגען אַן'עהרליכען סוחר, לויט אַ חשד פון אַ משוגענער פרוי?
— איך ערפיל נור מײַן דערהאַלטענעם בעפעהל — האָט דער פּאָליצײַ-קאָמיסאַר געענטפערט.—ווען איהר זענט אונשולדיג אין'ם חשד, וועט מען אײַך בעפרײַען. ענטפערט נור דערווײַל אויף די פראַגען, וואָס איך וויל אײַך שטעלען: צי איז דער יונגערמאַן, וואָס רופט זיך יוסף דעל מאָנטע, אײַער זוהן?
— נײַן—האָט דעל מאָנטע געענטפערט.
— אָט האָבען מיר עס! — האָט די גרעפין אויסגערופען.
— אויף וועלכען אופן האָט איהר דאָס קינד בעקומען? — האָט דער קאָמיסאַר געפרעגט ווײַטער.
— דאָס קינד איז אַ זוהן פון אַן'אָרימען הענדלער פון יונג-בונצלאַו. דער דאָזיגער יוד מיט זײַן פרוי און דרײַ קינדער זענען מיט אַ יאָהר 20 צוריק געשטאָרבען אין היגען שפּיטאָל בשעת דער כאָלעראַ. איבערגעבליעבען איז נור איין יתום'ל, און איך האָב עס צו מיר אין שטוב אַרײַנגענומען.
— צי האָט איהר אפשר בײַ זיך נאָך עטוואָס פון דער ירושה פונ'ם אָרימען יודען?
— קלײַניגקײַטען.
— ברענגט זײַ אַהער!
רפאל האָט זײַ געבראַכט.

ווען גרעפין דאָרנבאַך האָט דעם מעדאַליאָן דערזעהען מיט'ן בילד פון איהר זוהן דערין, האָט זי אַ הויך געשריי געטהון.

— אָט דאָס איז דער מעדאַליאָן — האָט זי אויסגערופען—וואָס מיין ברונא האָט אויפ'ן האַלז געטראָגען. דערין געפינט זיך דאָס בילד פון מיין פערשטאָרבענעם מאַן, גראַף אַרטור פאָן דאָרנבאַך. עלענדער יוד! צי וועט איהר נאָך אַלץ לייקענען, אַז איהר האָט מיין קינד גערויבט, אָדער איהר האָט עס געלאָזען דורך מיצען רויבען ביי מיר?

— איהר זעהט — האָט דער פּאָליציי-קאָמיסאַר געזאָגט—אַז אַלץ איז געגען אייך, הערר דעל מאָנטע. ס'האָט זיך נעמליך אויף אַ נישט-צווייפעלהאַפטען אופן אַרויסגעוויזען, אַז דער יונגערמאַן, וואָס האָט געהייסען ביז יעצט יוסף דעל מאָנטע, איז אין דערווירקליכקייט ברונאַ פאָן דאָרנבאַך, וועלכען מען האָט אַלס זויגקינד אַרויסגעגנב'עט פון גרעפליכען שלאָס. קומט מיט מיר דעל מאָנטע.

— איך געה מיט אייך — האָט דעל מאָנטע רוהיג געענטפערט -- דער אַלגערעכטער ג—ט וועט מיין אומשולדיגקייט דערוויזען.

— גרעפין — האָט דעל מאָנטע גערעדט ווייטער, אַ קעתר טהוענדיג זיך צו גרעפין פאָן דאָרנבאַך -- איהר זענט שטענדיג אַרויסגעטראָטען אין מיין לעבען ברענגענדיג אומגליק. איינמאָל האָט איהר מיך כמעט פאַר אַזעלבסטמערדער געמאַכט, היינט טראָגט איהר אַריין אין מיין הויז, דורך אייער אָנקלאַגע, טרויער און צער. איך בין אָבער אויף אייך נישט בייז. איין פראַגע נור וויל אויך אייך שטעלען: צי ווייס מיין זוהן יוסף וועגען די שריט, וואָס איהר האָט געגען מיר אונטערגענומען?

— ניין — האָט די גרעפין געענטפערט. — ער ווייס נישט, אַז ער איז מיין זוהן, ער האַלט אייך נאָך פאַר אַ פאָטער און ער רעדט, ליידער, מיט בעגייסטערונג און ליעבשאַפט וועגען דעם מאַן, וואָס האָט ביי איהם צוגענומען זיין פּיטול, זיין הויכען שטאַנד, זיין עשירות און — וואָס נאָך מעהר ווערט איז — די ישועה פון זיין נשמה.

— אויב אַזוי, איז גלויבט דער אויבערשטער! — האָט רפאל דעל מאָנטע פייערליך אויסגערופען, — כאָטש פון אָט דעם וועהטאָג בין איך פריי.

— מיינע טייערע — האָט ער געזאָגט, אַקעהר טהוענדיג זיך צו זיין פרוי און טאָכטער, וועלכע האָבען הויך געוויינט — זענט רוהיג, דער אויבערשטער וועט אין פרידען מיך צוריקברענגען צו אייך.

דאַן איז ער, אַרומגערינגעלט פון די פּאָליציאַנטען, אַוועקגעפיהרט געווארען אין טורמע.

דעל מאָנטע'ס אַרעסט האָט געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק. כאָטש זיינע ערקלערונגען האָבען זיך אַרויסגעשטעלט אַלס ריכטיג; כאָטש די שפּיטאָל-קאָמיסיע האָט בעשטעטיגט די וואַרהייט פון זיינע רייד און דערוויזען עס דורך די ביכער, איז דאָך אָבער געוועזען אויף איהם אַ חשד, אַז ער האָט עס געדונגען דעם אָרימען יודען צו גנב'ענען דאָס קינד. ווארום אַז דאָס קינד איז געווען געגנבעט,

חעגען דעם איז שוין קיין ספק נישט געווען. אָבער צו וואָס דען האָט דער אָרי-מער יוד געזאָלט גנב'ענען דאָס קינד, ווען נישט רפאל זאָל איהם האָבען דער-פאַר בעצאָהלט? דעל מאָנטע איז דעריבער געבליעבען אין טורמע. אין יענע צייטען איז אין עסטרייך געווען גענוג דער קלענסטער חשד, אַז מען זאָל אָבהאַלטען אַ מענשען יאָהרען לאַנג אין טורמע, בפרט נאָך ווען די בעשולדיגונג איז, ווי אין דעם פאַל, געקומען פון אַ גרעפין געגען אַיודען און די גלחים זענען נאָך געווען פעראינטערעסירט אין דער זאַך!

ווען גרעפין דאָרנבאַך איז צוריק אַ היים געקומען, האָט זי תיכף געלאָזט רופען יוסף'ן צו זיך.

— הערר דעל מאָנטע — האָט זי געזאָגט מיט אַ בעוועגטער שטימע — איך האָב אייך צו מאַכען אַ וויכטיגע מיטטיילונג. איהר ווייסט דאָך, אַז מיט 20 יאָהר צוריק האָט מען ביי מיר אַ זוהן געגנב'עט. איך האָט דאָס קינד צוריקגעפונען.

— איך ווינש אייך גליק, פרוי גרעפין. צי ווייס גראַף בענאָ שוין וועגען דער דאָזיגער פרעהליכער בשורה?

— ער ווייס. דורך איהם האָב איך זיך דערוואוסט, אַז עמיצער, וועלכער איז זעהר עהנליך צו איהם, האָט אויף דער לינקער ברוסט אַ שטערן-פאָרמיגען לעבער-פלעק.

— פרוי גרעפין! — האָט יוסף געשטאַמעלט צו טומעלט.

— קום צו מיין הארצען! — האָט די גרעפין צערטליך-וויין געזאָגט. — מיין זוהן, מיין ברונא, מיין לאַנג פערלאָרענער!

יוסף איז געבליעבען שטעהן, פערשטיינערט, ווי אַמאַרמאָר-סלופּ.

— איך, פרוי גרעפין, איך בין אייער זוהן? — איהר האָט אַטעות! דער צייכען און מיין עהנליכקייט איז אַ צופאַל-זאַך. איך בין אַיוד, דער זוהן פון אַ יודען!

— ניין, דו ביזט מיין זוהן ברונא, וועלכען איך האָב אונטער מיין הארצען געטראָגען. דער עלענדער יוד, וועלכען דו האַלסט פאַר אַפאָטער, האָט דיך גע-לאָזט אַרויסגנב'ענען ביי מיר. מען האָט ביי איהם געפונען דעם מעדאַליאָן, וואָס דו האָט אַמאָל אויפ'ן האַלדז געטראָגען און אין מעדאַליאָן געפינט זיך דיין אמת'ן פאָטערס בילד, דאָס בילד פון גראַף אַרטור פאָן דאָרנבאַך!

— וואָס, מיין פאָטער רפאל האָט געלאָזט אַקינד אַרויסגנב'ענען! פרוי גרעפין, דאָס איז אונמעגליך!

— ער אַליין האָט מודה געווען, אַז דו ביזט נישט זיין זוהן. ער וועט יעצט בעקומען זיין לוין פאַר זיין פערברעכען. ער ליעגט שוין אין טורמע!

— מיין פאָטער אין טורמע? טאָ מוז איך תיכף פאָהרען קיין פראָג או זעהען איהם צו בעפרייען!

— און מיך, דיין מוטער, לאָזטו אימזיסט אויסשטרעקען די אַרעמס נאָך איהר קינד, נאָך וועלכען איהר הארץ שמאַכטעט שוין אַזוי לאַנג!

וסף האָט איהר גאָר נישט געוואָלט הערען. ער איז געשווינד פון שלאָס ארויס.

---

## ט.

## דאָס מודה זייז זיך.

אַנטלויפענדיג פון דער גרעפין, איז יוסף געקומען אויפ'ן וואָקזאַל, וואו ער איז באַלד אָבגעפאָהרען מיט דער באַהן קיין פראָג. דאָרט האָט ער געפונען די מוטער און די שוועסטער, פערטיפט אין טרויער און יאָמער. דער פאָטער איז נאָך אַלץ אין טורמע געזעססען און ס'איז גאָר נישט געווען קיין אויסזיכט, אַז מען זאָל איהם בעפרייען. פון זיין ערציהונגס-מוטער האָט ער זיך דאָ דערוואוסט, אַז ער איז ווירקליך נישט איהר זוהן און נישט רפאל'ס זוהן.

— און טאַקי דערפאַר, טייערע מוטער,—האָט דער איידעלער יונגער מאַן געזאָגט—בין איך דיר און דעם געליעבטען פאָטער אַדאַנק שולדיג דערפאַר, וואָס איהר האָט מיך אין אייער משפחה אין הויז אַריינגענומען און ערצויגען מיך, ווי אַן אייגען קינד. וואָס וואָלט פון מיר געוואָרען, ווען איהר וואָלט מיך, דעם פער-לאָזענעם, נישט געגעבען קיין אָרט אין אייער שטוב און אין אייער האַרצען!

יוסף האָט ענערגיש זיך גענומען צו דער אויפגאַבע צו בעפרייען זיין ערציהונגס-פאָטער רפאל דעל מאָנטע; אָבער אַלע מיטלען וואָס ער האָט אָנגעווענדעט, האָבען צום ציעל נישט געפיהרט. באַלד נאָכדעם זענען געקומען קיין פראָג די גרעפין דאָרנבאַך מיט איהר זוהן בענאָ; אָבער יוסף האָט זיך אָבגעזאָגט צו זעהען זיך מיט זיין מוטער, כל זמן זי וועט נישט צוריקציהען די בעשולדיגונג פון רפאל דעל מאָנטע. די גרעפין האָט ערקלערט, אַז זי איז גרייט דאָס צו טהון, נור בתנאי, אַז ער, יוסף, זאָל צוריק אַקריסט ווערען. אָבער יוסף האָט דערפון זיך ענערגיש אָבגעזאָגט.

אין יענער צייט האָט אין פראָג געלעבט אַנ'עהרליכער גלח, מיט'ן נאָמען הובערטוס. ער איז געווען פראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין פראָגער אוניווערזיטעט און אַלס אַזעלכער איז ער געווען יוסף'ס אַלטהרער. צו איהם האָט זיך יעצט געווענדעט יוסף דעל מאָנטע — ווי מיר וועלען איהם אויך ווייטער רופען, כאָטש מיר ווייסען שוין, אַז ער איז גראף ברונאָ פאָן דאָרנבאַך—און האָט געבעטען ביי איהם הילף און שטיצע מיט השתדלות פאַר זיין פאָטער רפאל. הובערטוס האָט איהם צוגעזאָגט אָנצווענדען זיין גאַנצען איינפלוס לטובת דעם אונשולדיגען, וואָס שמאַכטעט אין טורמע.

אַרויסקומענדיג פון קלויסטער, וואו דער גלח האָט געוואוינט, האָט יוסף דערהערט פלוצלונג, ווי מען רופט איהם:

— גראַף דאָרנבאַך!

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזעהען אַ פרוי פון אַ יאָהר 45, וואָס האָט שאַרף געקוקט אויף איהם. די פרוי איז געווען אָנגעטהון אין לומפען און אויף איהר פנים האָט מען געזעהען שפורען פון אַ פאַרמוטשעטען אומצופרידענעם לעבען.

— גראַף דאָרנבאַך! — האָט זי ווידער אויסגערופען — צי וועט איהר דען אייביג יונג בלייבען, אין שעהן, און געזונד, ווערהענד איך מוז אומקומען אין אונגליק און עלענד? צי האָט איהר דען גאָר קיין צער נישט געשפירט דערפון, וואָס איהר האָט אייער ערשטען זוהן פערלאָרען, נאָכדעם, ווי איך האָב איהם ביי אייך אָבגע׳גנב׳עט?

יוסף האָט זיך אַ כאַפּ-אויף געטהון. ס׳איז קלאָר געווען, אַז די אונגליקליכע פרוי האָט איהם אָנגענומען פאַר׳ן פערשטאָרבענעם גראַף דאָרענבאַך. אָבער צי ליגט דאָ נישט דער שליסעל צום רעטעניש, וואָס האָט זיין פאָטער רפאל אין טורמע אַריינגעבראַכט?

ער איז באַלד אַריינגעקומען צוריק אין קלויסטער און האָט דערצעהלט דעם גלח הובערטוס וועגען זיין וואונדערליכער בעגעגעניש. דער גלח האָט תיכף געהייסען אַריינגעהמען די פרוי אין קלויסטער און אָבפיהרען איהר אין שפיטאָל. דאָרט איז זי אָבער באַלד געפעהרליך קראַנק געוואָרען, און נור אַ דאַנק דער בעמיהונג פון די דאָקטוירים איז געלונגען נאָך צו דערהאַלטען איהר אַ געוויסע צייט ביים זינען. און ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די פרוי האָט זיך אַזוי פיעל געשטאַרקט, אַז זי האָט געקאָנט דענקען און ענטפערן אויף געשטעלטע פראַגען, האָט דער גלח הובערטוס געבעטען ביי איהר, אַז זי זאָל איהם ערקלערען, וואָס פאַר אַ שייכות האָט זי צום געגנב׳עטען קינד פון גראַפ׳ס שלאָס. די פרוי איז שרעקליך דערשראָקען געוואָרען און האָט געזאָגט, אַז זי געדענקט שוין מעהר גאָר נישט וואָס זי האָט גערעדט.

— מיין טאָכטער — האָט דער גלח הובערטוס מילד געזאָגט — איך מוז דיר ערקלערען, אַז די דאָקטוירים זאָגען, דאָס דו וועסט שוין לאַנג נישט לעבען. דער טויט איז נאָהנט. די מענשליכע גערעכטיגקייט קאָן דיר שוין סיי-ווי-סיי גאָר נישט טהון, אָבער דאָרט, אין הימעל, וואַרט אויף דיך אַ שטרענגער ריכטער. זיי זיך מודה אויף דיין פערברעכען, וואָס דו האָסט בעגאַנגען. דאָ ליידעט יעצט, צוליעב דיר, אַ גאָר אונשולדיגער מענש. ווען דו וועסט זיך מודה זיין, וועט מען אויך אין הימעל דיין זינד דיר מוחל זיין.

די פרוי האָט אָנגעהויבען וויינען און האָט צוגעזאָגט מודה צו זיין זיך אין אַלץ. דאַן האָט דער איידעלער גלח תיכף געלאָזט שיקען נאָכ׳ן געריכטס-פאָרשער און אין זיין געגענוואַרט האָט די פרוי דערצעהלט, אַז זי הייסט מאַרינקאַ און שטאַמט פון ברין און, צוליעב נקמה געגען גראַף אַרטור פאָן דאָרנבאַך, האָט זי ביי איהם אין שלאָס זיין קינד אַרויסגעגנב׳עט און אָבגעגעבען איהם אַ יודישע בעטלערישע פאַמיליע, וואָס האָט איהר צוגעזאָגט צו דערציעהען דאָס קינד.

אַזוי אַרום איז דערוויזען געוואָרען רפאל׳ס אונשולדיגקייט.

און ווען מען האָט די דאָזיגע פאַקטען איבערגעגעבען דער גרעפין דאָרנ־באַך, האָט זי זיך ערשט דערמאָהנט די ווערטער, וואָס איהר מאַן האָט פאַר'ן טויט אויסגערופען: מאַרינקאַ, „דו האָסט נקמה גענומען!" יעצט איז שוין די זאַך געװען פאָלקאָם קלאָר.

מאַרינקאַ האָט נאָך איהר גרויזאַמער נקמה אָנגעהויבען פיהרען אַ זינדיג לעבען. זי האָט אין ערגעץ נישט געקאָנט געפינען קיין רוה, ביז זי איז האַלב טויט קיין פראָג געקומען און, דערזעהענדיג דאָרט יוסף'ן האָט זי געמיינט, אַז זי זעהט עס גראַף אַרטור פאָן דאָרנבאַך, ווייל יוסף איז אויפפאַלענד עהנליך געװען צו זיין פאַטער. דריי טעג נאָך איהר מודה זיין זיך איז זי געשטאָרבען.

ושאל דעל מאָנטע איז באַלד בעפרייט געוואָרען און איז צוריקגעקומען צו זיין פאַמיליע אין פריידען. יוסף האָט זיך איהם געוואָרפען אויפ'ן האַלז און האָט געוויינט און געלאַכט פאַר שמחה.

— פאָטער! — האָט ער אויסגערופען, — ווי אַזוי קאָן איך דיר דאַנקען פאַר אַלדאָס גוטס, וואָס דו האָסט געטהון מיט אַ פערלאָזענעם קינד!

— הער אויף, מיין זוהן — האָט דעל מאָנטע געענטפערט, — דו האָסט מיר פערשאַפט אַזוי פיעל פרייד, זינט איך האָב דאָס גליק דיך צו רופען זוהן, אַז איך בין ווירקליך רייך בעלוינט דערפאַר.

מען האָט געמעלדעט דעם וויזיט פון גרעפין דאָרנבאַך.

ווען זי איז אַריינגעקומען, איז זי צו רפאל'ן צוגעגאַנגען און איהם די האַנד דערלאַנגט.

— דעל מאָנטע — האָט זי געזאָגט — צי קאָנט איהר מיר מוחל זיין דאָס גרויסע אונרעכט, וואָס איך בין געגען אייך בעגאַנגען?

— איך בין אייך מוחל, פרוי גרעפין, דען איהר האָט דאָך געגלויבט, אַז איהר האָט רעכט אַזוי צו האַנדלען.

— טאָ נעהמט אויף דעם דאַנק פאַר דער ליעבשאַפט און זאָרג, וואָס איהר און אייער פרוי האָבען אַרויסגעוויזען פאַר מיין זוהן.

— און דו, מיין זוהן, — האָט די גרעפין זיך אַ קעהר געטהון צו יוסף'ן — צי זאָגסטו זיך נאָך אַלץ אָב אַרומצונעהמען דיין מוטער; וועלכע בענקט אַזוי שטאַרק נאָך דיר?

יוסף האָט זיך שוין מעהר נישט געקענט איינהאַלטען און ער האָט אַרומ־גענומען זיין מוטער, וועלכע האָט זיך ביטערליך צעוויינט.

יוסף האָט בעגלייטעט זיין מוטער אין איהר האָטעל, וואו ער האָט אויך זיין ברודער בענאָ געטראָפען.

אויף די ברידער האָבען הערצליכסט זיך אַרומגענומען און געקושט.

— ברונאָ — האָט בענאָ געזאָגט — יעצט וועסטו זיין דער הערר פון דאָרנ־באַך, ווייל דאָס זענען מאַיאָראַט־גיטער, וועלכע געהערען נור דעם בכור.

— ליעבער ברודער — האָט יוסף געענטפערט — איך וועל דיר איבערלאָזען דאָס גאַנצע דאָרנבאַכישע פערמעגען — ווייל דער קייזער וועט דאָך שווער איינ־

שטימען צו געבען אַ יוד דעם מאַיאָראַט פון אַ גראַף.

— אַ יודען? — האָט די גרעפין אַגנעס געפרעגט פערוואונדערט — דו ווילסט זיך דאָך אומקעהרען צום גלויבען פון דיינע עלטערן?

— ניין, פרוי מוטער, איך וועל בלייבען אינ'ם גלויבען, אין וועלכען איך בין ערצויגען געוואָרען.

— אונגליקליכער! — האָט די גרעפין אויסגערופען — הלואי וואָלט איך דיך בעסער גאָר קיינמאָל נישט געפונען צוריק!

---

## י.

# אין קלויסטער.

אַלע בקשות, תחנונים, און טרעהרען פון דער גרעפין זענען געווען אומזיסט. יוסף האָט זיך געהאַלטען ביי דאָס זייניגע: ער מוז בלייבען אַ יוד!

נישט דער גראַפען־טיטול און די גראַפען־קרוין, נישט די אויסזיכט אויף די געוואַלטיגע עשירות, וועלכע ער האָט דאַדורך געקאָנט בעקומען, האָבען איהם נישט געצויגען צו זיך. אומזיסט האָט די גרעפין איהם געמאָלט די צוקונפט מיט די שענסטע פאַרבען. וואָס פאַר אַ גלענצענדע קאַריערע אַ גראַף דאָרנבאַך האָט דאָך געקאָנט מאַכען אין מלוכה־דיענסט! ער וואָלט דאָך געקאָנט ווערען גענעראַל, געזאַנדטער, מיניסטער, ווען ער זאָל נור וועלען; ער וואָלט זיך געקאָנט מחותן זיין מיט די רייכסטע און בעריהמטעסטע משפחות אין דער מלוכה און אויב ער וואָלט דאָס אַלץ נישט געוואָלט, וואָלט ער דאָך געקענט זיך לעבען ווי אַ פירשט אין זיין אייגענע גיטער. דאָס אַלץ איז פאַר יוסף'ן געווען גאַנץ גלייכגילטיג.

די מוטער האָט, ענדליך, געוואָרפען זיך איהם צו די פיס אין אַ ביטערליכען געוויין, מיט פיעל צער און וועהטאָג, און דאָס האָט איהם פערשאַפען פיעל האַרצוועהטאָג און יסורים, אָבער דאָך איז ער זיך געבליבען ביי זיין בעשלוס:

— איך מוז אַ יוד בלייבען!

— מוטער — האָט ער ווייטער גערעדט — דו פערשאַפסט מיר פיעל עגמת־נפש, בעגעהרענדיג פון מיר אַ זאַך, וואָס איך קאָן דיר נישט געבען. פערלאַנג פון מיר יעדען קרבן, נאָר דאָס נישט. איך קאָן זיך נישט אָבזאָגען פון דעם, וואָס איך בעטראַכט, אַלס מיין העכסטען גליק; איך קאָן זיך נישט איבערגעבען אַ רעליגיע, וועלכע איז נישט מיינע. ס'וועט דיר נישט געלונגען צו בעוועגען מיך דערצו, — מיט דיינע טרעהרען און בקשות פערשאַפסטו זיך נור אומזיסטע יסורים.

אויף דער ביטע פון דער גרעפין האָט איהר גלח איינגעלאַדען יוסף'ן צו זיך. ער האָט גערעדט מיט איהם מילד און זיך בעמיהט איבערצייגען איהם די וואַהרהייט פון קריסטענטום.

— עמינענץ — האָט יוסף געזאָגט — כדי צו קאָנען האַלטען פאַר אמת די דאָגמען פון קריסטענטום, איז נויטיג צו זיין אויף זיי ערצויגען פון קינדהייט-אָן. דאָס וואָס מען שטעמפּעלט איין ביים יונגען קינד אין די פריהעסטע יאָהרען, ווערט, אַזוי צו זאָגען, אַ טהייל פון זיין כאַראַקטער, קאָן עס אפשר דער דער-וואַקסענער גלויבען. איך אָבער וועל אין אַזעלכע זאַכען קיינמאל נישט קאָנען גלויבען. און ס'איז נישטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל מיך קאָנען בע-וועגען צו זאָגען, אַז איך גלויב, ווערהענד איך גלויב דערין גאָר נישט; מען קאָן מיך אויך נישט צווינגען אָנצונעהמען אַ גלויבען, וועלכען איך האַלט נישט פאַר וואָהר.

— יונגערמאַן, -- האָט דער גלח געזאָגט — איהר צווינגט מיך געגען מיין ווילען צו בעהאַנדלען אייך שטרענג אָנשטאָט צו זיין מילד. איהר זענט אַלס קינד געטויפט געוואָרען און אַלס קריסט זענט איהר פערשריעבען אין די קירכען-ביכער פון דאָרנבאַך. לויט די געזעצען פון דער קאַטוילישער קירכע און פון דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע, פערלירט די טויפע קיינמאָל נישט איהר קראַפט. איהר זענט אַלזאָ קריסט, און דאָס, וואָס מען האָט אייך שפּעטער מל'ה געווען, האָט קיין שום בעדייטונג נישט. ווייל אָבער איהר זאָגט זיך אָב צו גע-הערען צום קריסטענטום, וועט איהר אַזוי לאַנג פערלירען אייער פרייהייט, ביז איהר וועט זיך בעשליסען צו מאַכען די שריט, וואָס מען פערלאַנגט פון אייך.

— מען וויל מיך אַלזאָ צווינגען צו גלויבען?

— מען וועט אייך צווינגען צו גלויבען!

— און אַזאַ געצוואונגענער גלויבען האָט עפּעס דען אַ ווערט?

— מען וועט אייך צו אייער גליק מיט געוואַלט אָבהאַלטען נישט צו זיין פעראורטהיילט אויף אייביג.

— עמינענץ, מען ריהמט אייך, אַז איהר זענט אַ מילדער מאַן און אַ מענש מיט אַ ליכטיגען קאָפּ. ס'איז אונמעגליך, אַז איהר זאָלט ווירקליך וועלען אַדורכ-פיהרען דאָס, וואָס איהר זאָגט.

— פערקעהרט, דאָס איז שטרענג לויט מיין אָנשויאונג און רצון.

— וועל איך זיך אַנטקעגענשטעלען ביז לעצט!

— מען וועט שוין געפינען מיטלען אייך צו צווינגען!

יוסף איז אַ פערציטערטער געוואָרען. ער האָט זיך גענוג געהאָט אָנגע-לייענט וועגען די פּייניגונגען, וואָס ווערען אָנגעווענדעט אין די קלויסטערס געגען די ווידערשפּעניגע...

— עמינענץ — האָט ער געבעטען — זענט דאָך גערעכט, אָבער דאָך אויך גנעדיג! איך בין פעסט ענטשלאָסען פאַר מיין גלויבען צו שטאַרבען. פערשפּאָרט מיר די אומזיסטע יסורים און איירע לייט דאָס פערברעכען צו בעגעהן.

— דאָס, וואָס איהר רופט אָן פערברעכען, רופען מיר אָן אַ הייליגע זאַך. אַ גראַף דאָרנבאַך אַ יוד — ניין, דאָס דאַרף נישט זיין!

— איך זאָג זיך אָב פון נאָמען און פון פערמעגען פון גראַף דאָרנבאַך. לאָזט מיך אויסוואַנדערן אין אַ פרעמד לאַנד, עמינענץ! איך וועל גערן דאָ

שריפטליך ערקלערען מײַן אָבזאָגען זיך, איך וועל גערן לעבען אונבעקאַנט אין אַ פרעמדען לאַנד!

— און אײַער מוטער?

— וואָס בינדעט מיך אײַגענטליך צו דער גרעפין דאָרנבאַך? נישט זי האָט פאַר מיר געזאָרגט אין דער יוגענד, נישט זי האָט מײַן גײַסט געבילדעט. איהר ערשטער אַרויסטריט, אַלס מוטער, איז געווען איהר אונפעראַנטוואָרטליכע גרויזאַמקײַט געגען מײַן געליעבטען אָנגענומענעם פאָטער, וועלכען איך פערדאַנק אַלץ, וועלכער האָט אַנ׳אָרים יתום׳ל צו זיך אויפגענומען און עס אַלס אײגען קינד דערצויגען. מײַן מוטער איז זײַן פרוי, וועלכע איז בײַ מײַן קינדער-בעט געזעסען, און האָט מיך געצוואָגט, און האָט מיך געלערנט אַלדאָס גוטס. גרעפין דאָרנבאַך אָבער וויל דעם איהר גאָר פרעמדען, פון הימעל אַראָבגעפאַלענעם יונגען מאַן, דוקא איבערמאַכען לויט איהר ווילען, און ווײַל דאָס געהט נישט, איז בײַ איהר רעכט מיך אין טויט-אַרײַן צו שיקען, זי וויל מיך לאָזען פערשפאַרען אין אַ קלויסטער! נײַן, איך האָב נישט קײַן שום פערפליכטונגען געגען דער דאָזיגער פרוי!

— און פונדעסטוועגען איז די דאָך אײַער מוטער און, אַלס אַזעלכע, איז זי מחויב צו זאָרגען פאַר אײַער נשמה. פאָלגט מײַן עצה, יונגערמאַן, אָנערקענט דאָס קריסטענטום, כאָטש לפחות לפנים תחלת. שפּעטער וועט שוין אויך אײַער איבערצײַגונג קומען.

— כ׳וועל בעסער שטאַרבען!

— טאָ בעשולדיגט אין אַלץ, וואָס וועט מ׳ס אײַך פּאָרקומען, נאָר זיך אַלײן!

דער גלח האָט אָנגעקלונגען און בעפוילען אַנ׳אַרײנגעקומענעם משרת, צו בעזאָרגען, אַז מ׳זאָל דעם גראף ברונאָ פאָן דאָרנבאַך אָבפיהרען אין קלויסטער מאַינהאַרדטסברון, אין דער דאָזיגער פריאָר וועט שוין בעקומען אַ אינסטרוקציע ווי אַזוי ווייטער דעם גראַף צו בעהאַנדלען.

עס זענען באַלד אַרײַנגעקומען עטליכע קרעפטיגע מענשען; מען האָט יוסף׳ן מיט געוואַלט גענומען און אַוועקגעשלעפּט אין אַ קאַרעטע, אין וועלכער מען האָט איהם אַוועקגעפיהרט. דרײַ טעג לאַנג האָט די רײַזע געדויערט, ענדליך האָט מען איהם אַרײַנגעבראַכט אין קלויסטער, וואו מען האָט איהם אַרײַנגעזעצט אין אַ האַלב-פינסטערן צימער.

דאָס קלויסטער מאַינהאַרדטסברון איז געווען אַ גלח׳ישע געפענגעניש, וואו מען האָט געפּײַניגט מענשען, וואָס זענען געגאַנגען געגען דעם קאַטוילישען גלויבען.

צוליעב דעם, וואָס יוסף האָט נישט געוואָלט עסען קײַן טריפות, האָט ער זיך געמוזט שפּײַזען נאָר מיט טרוקען ברויט מיט וואַסער. אָבער פיעל ערגער, ווי די קערפּערליכע יסורים זענען געווען די גײַסטיגע. מען האָט איהם קײַן אַנדערע ביכער אין די הענד נישט געגעבען ווי קאַטוילישע געבעט-ביכער און טראַקטאַטען וועגען דער קאַטוילישער אמונה. טעגליך פלעגט צו איהם קומען אַ גלח, כדי צו לערנען מיט איהם די קאַטוילישע רעליגיע, אָבער דער גלח איז

אַזוי פראָסט געווען, אַז אַפילו דיספוטירען מיט איהם איז אונמעגליך געווען.

אין דער דאָזיגער שרעקליכער לאַגע איז דעם אָרימען יוסף געקומען צו הילף זיין גוטער זכרון. איין טייל פון זיין צייט האָט ער גע'חזר'ט אויסווענדיג תנ"ך, משניות און גמרא און טיעף אריינגעטראַכט דערין; אַ צווייטען טייל האָט ער פערברענגט אין איבער'חזר'ן אויסווענדיג די וויסענשאַפטען, וועלכע ער האָט שטודירט. ער האָט זיך אויך פערגעגענווערטיגט די גאַנצע מאַטעמאַטיק און די פיזיק און זיך בעמיהט צו פערטיעפען זיך אין איהר. די דאָזיגע אַרבייטען האָבען איהם בעשיצט פון פערצווייפלונג און פערטעמפטקייט.

אָבער ס'האָט געדאַרפט ווערען פאַר איהם נאָך שווערער. נאָכדעם ווי יוסף האָט אָבגעלעבט אין קלויסטער עטליכע וואָכען, האָט מען געוואָלט זעהען די פראַקטישע רעזולטאַטען פון זיין נייער ערציהונג. מען האָט ענדליך אָנגעהויבען פאָדערן פון איהם, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פון יודענטום, און ווייל ער האָט זיך אָבגעזאָגט צו ערפילען די דאָזיגע פאָדערונג, האָט מען איהם געסטראָפט מיט שמיץ און עינוים.

יוסף איז זיך געבליבען פעסט ביי דאָס זייניגע.

די פאַמיליע דעל מאָנטע האָט דערווייל זיך געפונען אין גרויס שרעקעניש פאַר יוסף'ס שיקזאַל. מען האָט זיך געווענדעט צו דער גרעפין, אָבער זי האָט זיך אָבגעזאָגט צו געבען וועלכע ס'איז אָנווייזונגען מכּח איהם, און גראַף בענא האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס מיט זיין ברודער איז געוואָרען. ער איז אַוועקגעגאַנגען צום אָרטיגען ביסקופ, אָבער יענער האָט מיט קיין איינציג וואָרט נישט געוואָלט אויסגעבען, וואו יוסף געפינט זיך. דורך אַ דיענער פון ביסקופ האָט אָבער גראַף בענא פאַר געלד דערגאַנגען, וואו מען האַלט זיין ברודער און ווי אַזוי מען פייניגט איהם. גראַף בענא האָט תיכף געמעלדעט די זאַך רפאל דעל מאָנטע און מען האָט אָנגעהויבען בעראַטען זיך, ווי אַזוי דעם אונגליקליכען צו הילף צו קומען.

---

## י"א.

## דער משומד.

דער פריאָר פון קלויסטער מאינהאָרדטסברון האָט געמעלדעט דעם ביסקופ וועגען יוסף'ן און זיין בעציהונג צום קריסטענטום. ער האָט איהם מיטגעטיילט, אַז אַפילו דאָס סטראַשען איהם מיט שמיץ און עינוים האָט איהם נישט געקאָנט בעוועגען צו ענדערן זיך. דער ביסקופ האָט קודם כל תיכף געשריעבען, אַז מען זאָל לעת עתה נאָך נישט אָנווענדען קיין קערפערליכע עינוים געגען יוסף'ן, דען ער וועט שיקען צו איהם אַ נייעם גלח, וועלכער וועט געוויס האָבען ביי איהם ערפאָלג.

אין קלויסטער, וואו מען האָט יוסף'ן געהאַלטען, איז געקומען דער גלח, ד"ר ב., וועלכער איז אין יענע צייטען געווען שטאַרק בעריהמט אין דער קאָ-

טאָלישער גלחישער וועלט. ער האָט געשטאַמט פון יודען און האָט זיך געשמדט אַלס סטודענט. אין דער קאַטוילישער וועלט האָט ער גע'שמ'ט אַלס זעלטענער רעדנער, אַלס גרויסער מלומד און אַלס פערזענליכקייט מיט אַ גרויסען איינפלוס אויף מענשען.

ווען מען האָט דעם ד"ר ב. אַריינגעפיהרט צו יוסף'ן אין צימער'ל, איז דער דאָקטאָר נבהל ונשתומם געוואָרען, זעהענדיג, ווי עלענד דער יונגער מאַן זעהט אויס. ער האָט תיכף בעפוילען, אַז מען זאָל געבען יוסף'ן אַ גרעסערן צימער מיט מעהר לופט און ליכטיגקייט און אַז מען זאָל איהם צוגרייטען אַזאַ שפייז, וואָס ער זאָל קאָנען עסען אָהן מורא פאַר זיין יודישקייט. צו דעם צוועק האָט מען בעשטעלט פאַר יוסף'ן געקעכטס ביי אַ יודען אין נאָהנטען דאָרף.

ווען יוסף האָט זיך אַביסעל ערהאָלט, איז ד"ר ב. אַריינגעקומען צו איהם צוזאַמען מיט'ן פראָיר פון קלויסטער.

— מיין טייערער יונגער פריינד — האָט ד"ר ב. געזאָגט — דער ביסקופ מיינט אייך נישט צו טהון קיין שלעכטס און ער האָט מיך געשיקט צו אייך אדורכצושמועסען זיך מיט אייך וועגען רעליגיעזע ענינים. מיר איז גוט בעקאַנט די רעליגיע, וועלכע איהר ליעבט אַזוי שטאַרק. איך בין אַליין אַ יוד געווען און דוקא אַלס זוהן פון העכסט פרומע עלטערן בין איך ערצויגען געוואָרען, אַלס פרומער יוד. ערשט אין אייערע יאָהרען בין איך אַריבער צום קריסטענטום. אָה, איך ליעב און פערעהר זי, אָט די אַלטע יודישע רעליגיע און איך האָב די גרעס-טע אַכטונג פאַר איהר און פאַר די, וועלכע זענען איהרע אויפריכטיגע אָנהענגער און מאמינים.

— און פונדעסטוועגען האָט איהר די דאָזיגע רעליגיע פערלאָזען! — האָט יוסף געענטפערט.

— יאָ, מיין ליעבער זוהן, ווייל די יודישע רעליגע איז נאָר אַ פאָדערשטע מדרגה פאַר'ן קריסטענטום. איך וועל אייך דאָס גענויער דערווייזען און ערקלערען.

דער פראָיר האָט הויך אַ גענעץ געטהון.

— עהרווירדיגער פאָטער! — האָט ד"ר ב. זיך געווענדעט צו איהם — איך וויל אייך נישט שטערען אין אייערע זעהר וויכטיגע גלחישע געשעפטען. אויב אייער הייליגע שטעלע רופט אייך, טאָ לאָזט מיך איבער דאָ אַליין מיט'ן דאָזיגען יונגען מאַן. איך וועל שוין ענדערן זיינע אַנשויאונגען. איהר וועט זעהען, אַז איהר וועט פשוט נשתומם ווערען, וואָס פאַר רעזולטאַטען איך וועל דערגרייכען.

— לערנט איהם נור פלייסיג; דאָס איז אַ פערביסענער וינדער!

און דער פראָיר איז אַוועקגעגאַנגען, צופריעדען, וואָס ער איז פטור גע-וואָרען פון אַ געשפרעך, וואָס איז פאַר איהם אַזוי לאַנגווייליג.

ווי נור די טהיר האָט הינטער איהם זיך פערמאַכט, איז ד"ר ב. צוגעלאָפען צו יוסף'ן און האָט זיך איהם אויפ'ן האַלז געוואָרפען.

— איידעלער, טייערער יונגער פריינד — האָט ער אויסגערופען — ערלויבט

מיר צו דריקען אײַך צום האַרצען און אַרויסזאָגען אײַך מײַן ליעבשאַפט און בעוואונדערונג, וועלכע ערפילט מײַן האַרצען פאַר אײַך, איהר אײַדעלער מערטירער, פאַר'ן גלויבען פון מײַנע עלטערן.

יוסף האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טראַכטען, צי איז דאָס געווען פאַלשקײַט פונ'ם גלחישען געשמד'טען פרעדיגער און אפשר גאָר אַ נײַ מיטעל, ווי אַזוי אַרײַנצונעהמען איהם אין זײַן נעץ, געווינענדיג זײַן צוטרוי? אָבער נײַן, פון די אויגען פון ד"ר ב. האָט געלויכטען אַנ'אמת'דיגע התלהבות.

— ווי בעוואונדער איך אײַך, דעל מאָנטע, — האָט ד"ר ב. גערעדט ווײַטער — ווי ליעב איך אײַך! אָה, ווען איך וואָלט אַמאָל אַזוי שטאַרק געווען, ווי איהר, ווי פיעל יסורים און וועהטאָגען וואָלט איך זיך פערשפּאָרט! — מען האָט מיך געשיקט צו אײַך, כדי צו בעוועגען אײַך צום שמד. מען גלויבט, אַז ס'וועט מיר פערשאַפען פרײַד צו פערפיהרען אײַך אויפ'ן וועג, אין וועלכען איך בין אַלײַן געגאַנגען; איך בין אָבער גאָר ווײַט פון אַזאַ געדאַנק. איך בין געקומען אײַך צו שטאַרקען און צו צוגעבען מוט און שטאַנדהאַפטיגקײַט, כדי אַז דאָס זאָל כאָטש פיעל-ווייניג אויסקויפען מײַן אײגענעם פערברעכען און מײַן אונגעטרײַהײַט געגען מײַן אָרים פאָלק! ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָסערע יסורים איך האָב איבערגעליטען נאָך מײַן שמד'ן זיך, וואָלט איהר בעסער אײַנגעוויליגט איבערצוטראָגען די ערגסטע יסורים אונטער די הענד פון די פײַניגער און אַפילו אויך דעם טויט אָנגענומען, אַבי נאָר נישט צו בעגעהן דעם פערברעכען פון שמד!

יוסף האָט מיט פערוואונדערונג געקוקט אויפ'ן בעריהמטען גלח.

— ווי פאַלש — האָט ער פאַר זיך געטראַכט — די אויסערליכקײַט קאָן אַמאָל זײַן! ווי שטאַרק די קאַטוילען בעוואונדערן דעם דאָזיגען מאַן, ווי שטאַרק זענען זײַ איהם מקנא און דאָך — ווי אונגליקליך איז ער!

— איך וועל אײַך דערצעהלען מײַן געשיכטע, מײַן יונגער פרײַנד — האָט ד"ר ב. גערעדט ווײַטער — די געשיכטע פון מײַן טרויעריגען שמד. אפשר וועט דאָס מיטהעלפען, אַז איהר זאָלט האָבען מוט און קראַפט אויסצוהאַלטען די יסורים, וואָס מען וועט אײַך דאָ אָנטהון. איך בין געבוירען געוואָרען בײַ אָרימע יודישע עלטערן אין אַ קלײַן שטעדטעל אין בעהמען. צוליעב דעם, וואָס איך האָב אַרויסגעוויזען גרויסע פעהיגקײַטען, האָט מײַן טאַטע מיך ערצויגען אויפ'ן למוד-התורה. זײַן לעצטען גראָשען האָט ער אָבגעשפּאָרט, כדי צו קאָנען צאָהלען פאַר מיר גוטע מלמדים, וועלכע האָבען מיט מיר גמרא געלערנט. שפּעטער האָט ער מיך אָבגעשיקט אין דער ישיבה אין פּראָג. מײַן מוטער האָט מיט פרײַד און יודישען שטאָלץ געקוקט אויף מיר, וועלכער האָט געדאַרפט ווערען אַ רב, אפשר גאָר אַ גדול-הדור. אָבער מײַנע גוטע עלטערן זענען געווען, נעביך, זעהר אָרים, און אַז האָבען זײַ מיר נישט געקאָנט שיקען פיעל שטיצע, כדי אַז איך זאָל זײַן לפחות זאַט מיט ברויט אין דער ישיבה. איך האָב דעריבער געמוזט טעג עסען און לערנען מיט קינדער, אַלס מלמד, כדי צו קאָנען זיך דערהאַלטען מיט אַ מלבוש און לערנען תורה ווײַטער. מײַנע כהות זענען אָבער געווען קלײַן און איך האָב

בשום אופן נישט געקאָנט דערשלאָגען זיך צו אַ פּיעל-וועניג מענשליכען לעבען. מײַנע מלבושים זענען שטענדיג געווען אַלט און צוריסען. דערצו אָבער האָב איך געהאַט אַ גרויסע תאוה צו גדלות און ס'האָט מיך תמיד געפּײַניגט דער חשק צו לעבען אַ גוטען טאָג... איך האָב געאַרבײַט מיט דער גאַל און געלערנט מיט התמדה. אָבער איך האָב, צוליעב מײַנע תאוות צו גדלות און עשירות, זיך גענוי-מען צו-פּריה בעטראַכטען דאָס לעבען אַרום זיך, און אָט האָב איך דערזעהען, ווי די לומדי-התורה פיהרען אַנ'אָרים לעבען, זײַ מיט זײַערע בני-בית.—„צי ווילסטו אויך—האָב איך בײַ זיך געפרעגט—ווערען אַזאַ למדן ווי דער אָדער יענער רב און ראש ישיבה און זיין אַזוי אָרים ווי ער איז"?—און אָט האָב איך דערזעהען די קאַטוילישע גלחים אין פּראָג און זײַער רײַך לעבען, וואָס זײַ פיהרען דאָרט...

— אין האָב דערזעהען—האָט ד"ר ב. דערצעהלט ווײַטער — ווי די הויכע גלחים פֿון דער קאַטוילישער קירכע פאָהרען אין רײַכע קאַרעטעס, און דאָס פאָלק פאַלט פאַר זײַ אויף די קניע, וועהרענד דאָס זעלבע פאָלק לויפט-נאָך היטנער אַ יודישען רב און שרײַט, „זשיד!", „זשיד!". מײַן האַרץ איז געשוואָלען געוואָ-רען פאַר בענקשאַפט נאָך כבוד און פּערגעניגען, וועהרענד דער מאָגען האָט גע-שריען: „ברויט!", „אַ שטיקעלע ברויט!" און אָט האָט זיך מיט מיר געטראָפען אַזאַ פאַל: אין אַ געוויסען פרײַטאָג-צו-נאַכטס האָב איך געגעסען וועטשערע בײַ אַ רײַכען יודען. אַ גאַנצע וואָך האָב איך קײַן אַנדער זאַך נישט געזעהען אין די אויגען ווי אַ שטיקעל טרוקען ברויט, און דאָס אויך נישט אַלע טאָג, און דאָ האָט מען דערלאַנגט אַ זאַפטיגען געגזען-בראַטען אויפ'ן טיש, וועלכען איך האָב שיער מיט די אויגען נישט אויפגעגעסען. בײַם צושנײַדען די גאַנז האָט די בעל-הבית'טע דערזעהען, אַז אַ בײַן איז בײַ דער גאַנז צובראָכען און מען האָט מיך געשיקט מיט'ן בראַטען צום רב פרעגען אַ שאלה. געפּײַניגט פון הײַסען הונגער, האָב איך, אָנשטאָט צו געהן צום רב, אַוועקגעטראָגען דעם בראַטען צו זיך אין מײַן צימער'ל און אויפגעגעסען איהם דאָרט... דאַן בין איך צוריק געקומען און האָב געזאָגט, אַז די גאַנז איז טריפה און די כלים זענען אויך טריפה. אָבער מען האָט מײַן שווינדעל ענטדעקט און אָט איז געוואָרען אַ סוף צו מײַנע יאָהרען. מען האָט מיך פערשטויסען פון אַלע זײַטען, דער ראש-ישיבה, האָט מיך אַרויס-געטריבען פון דער ישיבה, מען האָט מיר אָבגעזאָגט פון די טעג און צוגענומען מיר די פּאָר קינדער, מיט וועלכע איך האָב געלערנט. וואָס האָב איך גע-זאָלט טהון? צי האָב איך דען געקאָנט צוריקקומען צו מײַנע אָרימע עלטערן בעדעקט מיט שאַנד? אונמעגליך! דער געדאַנק וועגען דעם כעס פון מײַן פאָ-טער עין די טרעהרען פון מײַן מוטער איז געווען פאַר מיר שרעקליך. איך האָב דעריבער בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוף מיט מײַן לעבען. איך בין אַוועקגעגאַנגען אויף דער בריק איבער דער מאָלדאַווא, כדי אַרײַנצוואַרפען זיך אין טײַך. איך האָב שוין געוואָלט אַריבערשפּרינגען איבער דער פּאַרענציע, אָבער דאָ האָט מיך אָבגעהאַלטען דערפון אַ הויכער גלח, וועלכער איז גראָד דאָרט פערבײַ געגאַנגען.

ער האָט מיך גענומען אין קלויסטער אַריין; דאָרט האָט מען מיך געטרייסט; מען האָט מיר געגעבען קליידער און מען האָט מיך אָנגעהויבען לערנען, איין עטליכע וואָכען שפּעטער האָט מען מיך אָבגעשמד׳ט. אמת, דער געדאַנק וועגען מיינע עלטערן האָט מיך לאַנג אָבגעהאַלטען דערפון, אָבער מען האָט מיר געזאָגט, אַז זיי האָבען מיך פערשטויסען און ווילען וועגען מיר נישט וויסען. אָה, ערשט שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי האָבען טאָג און נאַכט אומזיסט זיך געבעטען, אַז מען זאָל זיי זיין קלויסטער אַריינלאָזען; מיין פאָטער האָט אין פערצווייפלונג דעם קאָפּ זיך צוקלאַפּט אָן די שטיינער און מיין מוטער האָט די ווענד פון קלויסטער מיט איהרע טרעהרען בעוואַשען. איך האָב אָבער וועגען דעם גאָר נישט געוואוסט, דען מען האָט מיך געהאַלטען אָבגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט... און אָט האָב איך געהאַט אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט: איך בין געווען זאַט און גוט געקליידעט. מען האָט מיך געשיקט קיין רוים אין קאָ-לעגיום גערמאַניקום, וואו איך האָב שטודירט. שפּעטער, ווען איך בין בעדעקט מיט עהרע און רוהם צוריקגעקומען קיין פּראָג, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיינע עלטערן זענען פאַר יסורים געשטאָרבען, איך בין זייער מערדער געווען! —

דערצעהלענדיג דאָס, איז ד״ר ב. אַזוי גערירט געוואָרען, אַז ער האָט מעהר נישט געקאָנט ריידען. די טרעהרען האָבען איהם די שטים דערשטיקט. אויך יוסף איז טיעף גערירט געווען און ער האָט געוויינט מיט איהם צוזאַמען.

אַ לאַנגע צייט האָבען זיי ביידע געשוויגען, און דאַן איז אַריינגעקומען דער פּריאָר, כדי צו נעהמען מיט זיך דעם ד״ר ב. צום מאָהלצייט.

— עהרווירדיגער הערר ד״ר — האָט דער פּריאָר געזאָגט פיהרענדיג זיין גאַסט מיט זיך — איך האָב שטענדיג געהערט, אַז איהר זענט אַ גרויסער מאַן, אַ ליכטיגקייט פאַר דער קאַטוילישער קירכע. יעצט זעה איך, אַז דאָס, וואָס איך האָב געהערט איז אמת, דען עס איז אייך געלונגען צו ריהרען ביז טרעהרען אָט דעם פער׳עקשנ׳טען יודען. אָבער איהר אַליין זענט אויך שטאַרק אָנגעגריפען. קומט, איהר וועט זיך דערהאָלען, איך האָב דעם בעסטען וויין פון אונזער קעלער געהייסען אַרויפברענגען פאַר אונז צום היינטיגען מיטאָג.

---

## י״ב

# רעטונגס-פּלענער.

נאָכמיטאָג-צײַט האָט ד״ר ב. געגומען מיט זיך יוסף׳ן אויף אַ שפּאַציר. יוסף איז שוין לאַנג נישט געווען אויף דער פרישער לופט, און דער דאָזיגער שפּאַציר-גאַנג האָט איהם גאָר מחיה געווען; ס׳האָט זיך איהם געוואָלט קישען די ערד, וועלכע איז געווען בעפּוצט מיט בלומען. יעדע געוויקסעלע האָט ער מיט ליעבשאַפט בעטראַכט, בפרט נאָך אַז דאָס זענען געווען בלומען, וואָס וואַקסען גאָר זעלטען אינ׳ם דאָזיגען קאַנט און נור אין גאָרטען פון קלויסטער האָט מען זיי געפלאַנצט. יוסף האָט גוט געקאָנט באָטאַניק און ער האָט די בלומען בעוואונדערט, ווי אַנ׳עכטער געלעהרטער. ד״ר ב. האָט אויך געהאַט אַ ידיעה אין באָטאַניק און אָט אַזוי זענען זיך בײדע געגאַנגען, פערטיעפט אין אַ וויסענשאַפטליכען שמועס, ביז זיי זענען געקומען אין אַ זײַטיג ווינקעלע פון גאָרטען, וואו קײנער האָט זיי נישט געקאָנט בעאָבאַכטען. דאָ האָט ד״ר ב. ווידער אָנגעהויבען דאָס געשפּרעך פון פאַר-מיטאָג.

— וואָסערע יסורים איך האָב איבערגעלעבט, ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגען דער פערצווייפלונג פון מײַנע עלטערן און זייער טרויעריגען טויט, דאָס קאָן איך אײַך נישט שילדערן — האָט ד״ר ב. גערעדט ווײַטער, אָבער דאָס אַלץ איז נאָך געווען אַ קלײניגקײַט געגען אַנ׳אַנדער מין יסורים, געגען די געפּיהלען פון חרטה, וואָס האָבען מיך אָנגעהויבען פּײַניגען אויף אַ גרויזאַמען אופן אָהן אויפהער. איך האָב זיך געגעבען די גרעסטע מיה צו גלויבען אין קריסטענטום און שעפּען טרייסט און בערוהיגונג אין אָט דעם גלויבען, אָבער איך האָב עס נישט געקאָנט: ס׳האָט זיך נישט געגלויבט... אַ אינערליכער שטים האָט אָהן אויפהער געשריען, צו מיר: וועה צו דיר, וואָס איז פון דיר געוואָרען! איך האָב געמוזט זיך אַליין פעראַכטען. צוליעב אַ שבוש, צוליעב אַ פעטען מיטאָג און אַ שענעם מלבוש, האָב איך מפקיר געווען דעם אמת און פערלאָזען דעם ג—ט פון מײַנע אבות. איך האָב געזיהט שקרים און געזאַמעלט חרטה.

— און פאַרוואָס — האָט יוסף געפרעגט — אַנטלויפט איהר נישט פון'ם דאָזיגען שרעקליכען צושטאַנד?

— איך קאָן נישט: אין עסטרייך וואָלט מען מיך אַריינגעוואָרפען אין אַזא שרעקליכע טורמע, אָבער אויך אויסער עסטרייך דערגרייכט דער אָרעם פון דער קאַטוילישער קירכע. איך דערוועג זיך נישט אַזא שריט צו מאַכען, איך שפיר זיך דערצו צו-שוואַך, איך בין נישט געבאָרען אַ קדוש צו ווערען. און ווער ווייס, אפשר איז עס ג—ט'ס ווילען, אַז איך זאָל פערנעהמען מיין יעצטיגע הויכע שטע-לונג, כדי צו זיין נוצליך מיינע אָרימע יודישע ברידער. ווען מיט עטליכע יאָהר צוריק איז אין דמשק ענטשטאַנען די שענדליכע עלילת-דם; ווען מען האָט די יודען בעשולדיגט, אַז זיי האָבען דערהרגעט דעם גלח טאָמאַש, כדי אויסצונוצען זיין בלוט אויף פסח און ווען מען האָט דאַמאָלס אויך אין די היגע מקומות אָנגעהויבען גלויבען אינ'ם דאָזיגען שענדליכען בלבול, האָט איך פיעל מיטגע-ווירקט אין קאַמף געגען אָט דעם בלבול. מיר האָט מען געגלויבט, ווייל מען האָט דאָך מיך געהאַלטען פאַר אַ געטריינען גלח און מען האָט דאָך געוואוסט, אַז מיר איז גוט בעקאַנט דער ענין. אָה, אָט דאָס בעוואוסטזיין, אַז איך האָב דאַמאָלס פיעל געהאָלפען יודען, איז געוועזען אַנ'אמת'דיגע טרייסט פאַר מיר! אָבער לאָמיר בעסער יעצט ריידען וועגען אייך. איהר טאָרט דאָ נישט בלייבען, ווייל מען וועט אייך דאָ פערפייניגען ביז אין טויט אַריין. איך וועל העלפען אייך אַנטלויפען פון דאַנען. אָה, ווען איך זאָל נור קאָנען צוזאַמענקומען מיט אייער אָנגענומענעם פאָטער! אָבער איך טאָר דאָס נישט טהון, ווייל דאָס וואָלט דער-וועקט אַ חשד.

—אפשר—האָט יוסף געזאָגט פערטראַכטערהייד—אפשר וועט מיין ברודער וועלען טיילנעהמען אין מיין בעפרייאונג!...

—אויב אַזוי, וועט איהר זיכער געראַטעוועט ווערען. איך וועל זיך שטעלען אין פערבינדונג מיט גראַף בענאָ. אָבער אויך איהר מוזט טהון, וואָס מען ברויך. איהר מוזט קודם כל מאַכען דעם אָנשטעל, אַז איהר זענט שוין נוטה צו טהון, וואָס מען פערלאַנגט פון אייך. איהר מוזט כלומרשט זיך גוט איינהערען אין די רעליגיאָנס-לעקציעס, וואָס מען גיעט אייך; איהר מוזט לייענען דאָס ביכעלע וואָס מען האָט אייך צוגעשיקט און ריידען וועגען איהם מיט אַכטונג און צופרי-דענהייט. דאַדורך וועט איהר צייט געווינען און איהר וועט דערגרייכען, אַז מען וועט אייך שוין נישט היטען אַזוי שטאַרק. אַזוי אַרום וועלען מיר ענדליך קאָנען אויסנוצען די געלעגענהייט צו העלפען אייך אַנטלויפען פון דאַנען.

קומענדיג צוריק אין קלויסטער, האָט ד"ר ב. געמעלדעט, אַז ער האָט גע-האַט ביי יוסף'ן ערפאָלג. ער האָט פאָרגעלעגט דעם פריאָר נישט צו דריקען יוסף'ן, צו געבען איהם צייט מיישב צו זיין זיך, צו געבען איהם מעהר פרייהייט און בעסער איבערריידען איהם, איידער נעהמען זיך צווינגען איהם. אויף צומאָר געגס האָט ד"ר ב. אין דער געגענוואַרט פון פריאָר געבעטען יוסף'ן טיעפער אַריינצוטראַכטען אין די רעליגיעזע געדאַנקען, וואָס ער האָט איהם איבערגעגע-

בען, און יוסף האָט צוגעזאָגט צו ערפילען זיין ביטע און טהון אלץ וואָס ער האָט איהם געהייסען.

ד״ר ב. איז דאַן אָבגעפאָהרען צוריק קיין פּראָג.

באַלד נאָכדעם האָבען די גלחים איינגעפונען, אַז יוסף איז גאָר אַן׳אַנדער מענש געוואָרען, דען ער הויבט שוין אָן אויסצוהערען, וואָס זיי זאָגען איהם. די גלחים האָבען פשוט נישט געקאָנט אָבוואונדערן זיך פון דער גרויסער קונסט, וואָס ד״ר ב. האָט דאָ אַזוי געשווינד אַרויסגעוויזען. יוסף האָט בעקומען מעהר פריהייט, און זיין צושטאַנד איז שוין געוואָרען לייכטער

קומענדיג קיין פּראָג, האָט ד״ר ב. תיכף איינגעלאַדען צו זיך דעם גראַף בענאָ.

—איך קום פון אייער ברודער—האָט ד״ר ב. געזאָגט, ווען גראַף בענאָ איז אַריינגעקומען צו איהם.

—מען האָט איייך געשיקט צו איהם?—האָט גראַף בענאָ געפרעגט.

—יאָ, און מיט׳ן צוועק איבערצורעדען איהם אָדער צו איבערציינגען איהם, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פון יודענטום און ווערען ווידער קריסט.

—און איהר האָט ערפאָלג געהאַט?

—גראַף דאָרנבאַך, ווי דענקט איהר וועגען דער אויפפיהרונג פון אייער ברודער?

—דעם אמת רײדענדיג, עהרווירדיגער הערר, איך בעוואונדער די פעסט-קייט פון זיין כאַראַקטער און בעדויער טיעף, וואָס מיין מוטער האָט אַזוי געהאַנ-דעלט געגען איהם...

—אויך איך, הערר גראַף, בין אין דערזעלבער מיינונג, כאָטש דאָס קאָן אייך פאָרקומען וואונדערליך. אויך דער בישוף בעהאַנדעלט שטרענג אייער ברודער געגען זיין ווילען; אָבער ער קאָן נישט אַנדערש.

—איהר מאַכט מיך גליקליך, עהרווירדיגער הערר, דורך אייער סימפּאַטיע פאַר מיין ברודער! אָה, העלפט אונז צו טהון עטוואָס פאַר׳ן אונגליקליכען!

—אונז? ווער אַרבייט דען צוזאַמען מיט אייך?

—מיין ברודערס אַנגענומענער פאָטער, דער סוחר רפאל דעל מאָנטע.

—אָה, דאָס איז גוט! אָבער נישט איהר, נישט איך, נישט דעל מאָנטע טאָרען זיך נישט מישען דירעקט אין דער רעטונגס-אַקציע, ווייל מיר וועלען דערוועקען אַ חשד.

—צי האָט איהר אַ וועלכען ס׳איז פּלאַן?—עהרווירדיגער הערר?

—יאָ, איך האָב אַ פּלאַן. אַרויספיהרען אייער ברודער פון קלויסטער מיט געוואַלט אָדער געהיים וועט זיין אונמעגליך. מען דאַרף דאָ אָנווענדען אַ קונץ-שטיק

—און אין וואָס בעשטעהט דאָס?

—איך האָב אַ בעקאַנטען, אַ חבר פון דער שולע, וועלכער איז אַן׳אמת׳ער קינסטלער אין נאָכמאַכען די מינעס פון די הויכע גלחים. דאָס איז אַן׳עָרימער מענש און פאַר געלד וועט ער אונז גערן דיענען. ווי איך האָב זיך דערוואוסט

אין קלויסטער, קען דאָרט קיינער נישט דעם ביסקופּ. מיין פריינד וועט אַלזאָ קאָנען ליכט ערשיינען אין קלויסטער און פאָרשטעלען זיך אַלס דער ביסקופּ; דאַן וועט ער אָבפאָהרענדיג צוריק נעהמען יוסף׳ן מיט זיך. דער פּלאַן איז גוט און איך האָף, אַז ער וועט געלונגען. ס׳איז נור פאַרהאַן איין שוועריגקייט: מען דאַרף זעהען אַרויסצובעקומען פון דעם ביסקופּס קאַנצעלאַריע אַ בריעף צום פּריאָר מיט אַ מעלדונג, אַז דער ביסקופּ דאַרף אַהין קומען.

—דאָס וועל איך שוין בעזאָרגען—האָט גראַף בענאָ געזאָגט.—איך האָב אין דער קאַנצעלאַריע פון ביסקופּ אַנ׳אונטערגעקויפטען דיענער, וועלכער וועט מיר פאַר גוט געלד אַרויסבעקומען אַזאַ בריעף.

—אויב אַזוי, איז גוט. יעצט רעדט אָב מיט רפאל דעל מאָנטע, אַז ער זאָל מיין בעקאַנטען גוט בעצאָהלען און בעקומען אַ פּאַספּאָרט פאַר אייער ברודער, בכדי אַז ער זאָל קאָנען אַריבערקומען די גרענעץ. ס׳קאָן דויערן וואָכענלאַנג, ביז מען וועט דעם שווינדעל ענטדעקען, אָבער איך וועל שוין זאָרגען דערפאַר, אַז דער ביסקופּ זאָל זיך נישט נעהמען שטרענג אונטערזוכען די זאַך.

גראַף בענאָ איז תיכף אַוועקגעגאַנגען צו רפאל דעל מאָנטע מיט די גוטע ידעות פון יוסף׳ן, און ווען מען האָט אָנגעהויבען בעטראַכטען די פראַגע, ווער עס זאָל נעהמען אויף זיך די אויפגאַבע איבערצוגעבען דעם דאָקטאָר׳ס חבר דאָס געלד מיט׳ן פּאַספּאָרט, האָט זיך אויסגערופען רפאל׳ס טאָכטער, שפּרינצא, אַז זי וועט שוין נעהמען די זאַך אויף זיך, כדי צו האָבען אַ חלק אין דער אַרבייט צו בעפרייען דעם ליעבען ברודער. רפאל האָט אַפילו דערין נישט געוואָלט איינשטימען, ווייל די זאַך איז געווען פערבונדען מיט אַ געוויסער געפאַהר; אָבער נישט ער אַליין, נישט גראַף בענאָ האָבען זיך געקאָנט מישען אין דער זאַך, בכדי נישט צו דערוועקען קיין חשד, און אַ פרעמדען בעקאַנט מאַכען מיט׳ן סוד האָט מען געוויס מורא געהאַט.

בינו לבינו האָט ד״ר ב. גוט אויסגעלערענט זיין יוגענד-חבר די ראָלע, וואָס ס׳וועט איהם אויסקומען צושפּיעלען, און גראַף בענאָ האָט בעזאָרגט, אַז מען זאָל שיקען צום פּריאָר דעם בריעף פון ביסקופּ׳ס קאַנצעלאַריע מיט דער מעלדונג, דאָס דער ביסקופּ דאַרף אַהין קומען.

אַפּאָר טעג שפּעטער איז דעם דאָקטאָר׳ס פריינד אָבגעפאָהרען אין אַ פּרעכטיגע קאַרעטע צום קלויסטער פון מאַינהאַרדטסברון, וועהרענד שפּרינצא איז אויך אַרויסגעפאָהרען צהין אין אַנ׳איינפאַכען וועגעלע מיט אַ פּאָר קרעפטיגע פערד. מיט איהר איז געפאָהרען אַנ׳אַלטע דיענסט פון דערהיים.

---

## יג.

# דאָס אַנטלויפען.

אינ'ם קלויסטער מאַינהאַרדטסבּרון האָט געהערשט אַ שטאַרקע אויפרעגונג. פון בּישאָפּס קאַנצעלאַריע איז דערהאַלטען געוואָרען אַ בּריעף מ. ט דער מעלדונג, אַז דער בּישאָף דאַרף בּאַלד קומען אין קלויסטער אַריין. דאָס גאַנצע קלויסטער איז דעקאָרירט געוואָרען מיט טעפּיכען פון אויסענווייניג און פון אינעווייניג מיט בּלומען. אַלע זענען געווען בּעשעפטיגט און אַלעמענס געדאַנקען און פּלענער זענען געווען פערנומען נור מיט איין זאַך,—ווי אַזוי צו עהרען דעם בּישאָף און פערשאַפען איהם פערגניגען, ווייל זינט דער קלויסטער איז געשטאַנען האָט ער נאָך נישט געהאַט אַזאַ כבוד. אַז דער בּישאָף זאָל פערזענליך דאָרט מאַכען אַ בּעזוך. אינ'ם דאָזיגען טומעל איז עס געלונגען דער יודענע, וועלכע פלעגט יוסף'ן בּרענגען געקעכטס, נאָך דעם ד"ר ב. אָבּפאָהרען, איבּערצוגעבּען איהם אַ צעטעלע, אויף וועלכען עס זענען געווען נעשריעבּען פאָלגענדע רעטזעלהאַפטע שורות:

— „וואונדערט זיך נישט אויף קיין זאַך און טהוט, וואָס מען וועט אייך הייסען".

אויך יוסף איז יעצט געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט; ער האָט בּעמערקט, אַז עס האַנדעלט זיך וועגען זיין ענטלויפען פון קלויסטער; אָבּער אומזיסט האָט ער נאָכגעדאַכט וועגען דעם, ווי אַזוי מען מיינט עס מעגליך צו מאַכען.

בּאַלד איז אָנגעפאָהרען אַ פּרעכטיגע קאַרעטע, און דער בּישאָף איז אויפגענומען געוואָרען דורך די לייט פון קלויסטער העכסט פייערליך. די גלחים האָבּען אין גרויסער התלהבות גאָר נישט געוואוסט תחילת, וואָס זיי זאָלען טהון. אָבּער דער בּישאָף איז געווען אַזאַ פרעהליכער און פריינדליכער הערר, אַז די גלחים זענען בּאַלד רוהיגער געוואָרען און האָבּען אָנגעהויבּען אפילו אויך צו שפּאַסען. די פרעהליכע שטימונג האָט זיך נאָך מעהר פערגרעסערט, ווען מען האָט זיך געזעצט צום טיש און מען האָט זיך רייך מכבד געווען מיט'ן טייערסטען וויין און מיט די בּעסטע מאכלים.

נאָכ'ן עסען האָט דער בּישאָף בּעפוילען אַריינצופיהרען יוסף'ן און פאָרשטעלען איהם.

ווען יוסף איז אין זאַל אַרײַנגעקומען, וואו די גלחישע געזעלשאַפט איז זיך געזעסען בײַם קאַווע-טרינקען, האָט יוסף זיך קוים געקאָנט אײַנהאַלטען נישט צו געבען אַ געשרײַ פאַר פערוואונדערונג: צי איז דען אָט דאָס דער ביסקופ? ס'קאָן גאָר נישט זײַן קײַן גרעסערער אונטערשיעד, ווי דער, וואָס צווישען זײַ בײַדען. דער ביסקופ איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער מאַן, מיט אַ אינטעליגענטען פּנים און פון גרויסאַרטיגען כאַראַקטער; ער איז אַלט געווען, סך הכל 36 יאָהר און נור זײַן קראַנקהײַט האָט איהם עלטער געמאַכט. דער אָבער, וואָס יוסף האָט דאָ דערזעהען, איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר 50 און דערצו קלײַן פון געוויקס און דיק אין לײַב. דער ביסקופ איז געווען שטענדיג ערנסט, דער אָבער האָט געהאַלטען אין אײַן שיסען מיט וויצען און גלײַכווערטלעך. יעצט האָט דער געמאַכטער ביסקופ צוגעווינקט יוסף'ן אַזוי, אַז ער האָט זיך דערמאָהנט, וואו ער האָט איהם געזעהען און ווער דאָס איז. צווישען די פּראַגער סטודענטען איז ער געווען גוט באַוואוסט מיט זײַנע זעלטענע פעהיגקײַטען און שטענדיגער לוסטיגקײַט, צוליעב וועלכער ער האָט זיך אויך נישט געקאָנט דערשלאָגען צו אַ קאַריערע.

— עה, עה, זעהט, אָט איז דער נאַר! — האָט דער געמאַכטער ביסקופ אויסגערופען, ווען יוסף איז צום טיש צוגעגאַנגען — דער נאַר, וועלכער זאָגט זיך אָב פון אַ גראַפען-קרוין און פון גיטער, וואָס בעטרעפען מיליאָנען, כדי צו האָבען דאָס גליק, אַז מען זאָל איהם אין די גאַסען נאָכלויפען און „זשיד" רופען! קומט נאָר אַהער נאָהנטער, יונגער פרײַנד! אפשר האָט איהר אַ פּאָר אַלטע הויזען צו פערקויפען?

און געזאָגט איז דאָס געוואָרען אַזוי קאָמיש, אַז אַלע האָבען מיט אַ הילכיגען געלעכטער אויסגעבראָכען אַזוי, אַז די וואַנד האָבען אָנגעהויבען ציטערען.

— מײַן פרײַנדעלע, — האָט דער כלומר'שטער בישאָף גערעדט ווײַטער — ווען איהר וועט ווידער קײַן פּראָג קומען, פערגעסט נישט אָבצוגעבען מיר אַ וויזיט; איך האָב אַ פּאָר אַלטע הויזען צו פערקויפען. אָה, מאַכט דאָך נישט אַזאַ פינסטער פּנים! איהר וועט נחת קלויבען פון די הויזען, זײַ זענען נאָך גאָר גוטע!

און ווידער האָבען אַלע אויסגעבראָכען מיט אַ הילכיגען געלעכטער און די וואַנד האָבען, דאַכט זיך, מיט געלאַכט. אַלע גלחים האָבען פּשוט פערגעניגען געהאַט צו לאַכען זיך אַזוי געמיטליך צוזאַמען מיט'ן גרויסען הערן.

נו, גענוג צו טרײַבען שפּאַס! — האָט דער כלומר'שט-ביסקופ ענדליך אויסגערופען — ווי איך האָב געהערט, האָט אונזער בעלעהרטער ד"ר ב. געמאַכט אויף אײַך אַן אײַנדרוק. פון יעצט אָן וועט איהר זיך געפינען אין זײַן סביבה און דערפאַר פאָהרט איהר מיט מיר קײַן פּראָג.

יעצט האָט יוסף ענדליך אָנגעהויבען פערשטעהן דעם צוועק פון דער

קאָמעדיע. פאַר גרויס איפּרעגונג האָט ער אָנגעהויבן ציטערן אין גאַנצן לײַב און נאָר מיט גרויס מיה איז איהם געלונגען צו פערשטעלען זיך אַלס פאָלקאָם רוהיג.

דער ,,לומר׳שט-ביסקופ האָט ערקלערט, אַז ער איַלט זיך צו פאָהרען באַלד צוריק און טאַקי דעמזעלבען טאָג איז ער צוזאַמען מיט יוסף׳ן אַרויסגעפאָהרען פון קלויסטער אונטער די גרויסע ברכות פון אַלע גלחים, וואָס האָבען איהם בעגלײַטעט.

די קאַרעטע האָט זיך געלאָזען געשווינד אין וועג אַרײַן. לאַנג איז מען געפאָהרען און ערשט אין דער שפּעטער נאַכט האָט מען זיך אָבגעשטעלט אין אַ גרויסען דאָרף בײַ אַן אײַנפאָהר-הויז נישט ווײַט פון דער עסטרײַכישער גרענעץ. דאָרט ענדליך האָט דער ,,לומרשט-ביסקופ אַראָבגעוואָרפען די מאַסקע און זיך געגעבען צו דערקענען, אַלס דער פרעהליכער פּאולמאַן, דער פרײַנד פון די סטודענטען. אָבער נאָך אַ גרויסע און אַנגענעהמע איבערראשינג האָט דאָ ערוואַרטעט יוסף׳ן: ער האָט דערזעהען זײַן שוועסטער שפּרינצא מיט איהר דיענסט, וועלכע האָבען איהם דאָ אָבגעוואַרט. זייער פערד-און-שפּאַן איז שוין געשטאַנען גרייט, און יוסף מיט שפּרינצא מיט דער דיענסט זענען אָבגעפאָהרען געשווינד צו דער גרענעץ.

און ווערענד די גלחים אין קלויסטער האָבען נאָך געהאַלטען אין שמועסען וועגען דעם זעלטענעם גאַסט, וואָס זיי האָבען געהאַט און וועגען זײַן ליעבענס-ווירדיגקײַט און פרעהליכקײַט, איז ווידער צוגעפאָהרען אַ קאַרעטע צום קלויסטער די גלחים פון קלויסטער זענען געוועזען גאָר איבערגליקליך, ווען זיי האָבען אָט די נײַע קאַרעטע דערזעהען, וואָרום מען פלעגט אין זייער ווײַטען קלויסטער. כמעט קיינמאָל קיין רײַכע געסט נישט אָנזעהען... פון דער קאַרעטע איז אַרויס-געשטיגען אַ רײַכע דאַמע און האָט פערלאַנגט תיכף צו זעהען זיך מיט׳ן פּריאָר.

— עהרווירדיגער פּאָטער — האָט די דאַמע צום פּריאָר געזאָגט: — איך ברענג אײַך אַ בריעף פון ביסקופ און איך פערלאַנג צו זעהען זיך מיט מײַן זוהן, ז׳עם גראַף דאָרנבאַך.

דער פּריאָר איז געשטאַנען, ווי פערשטיינערט פון שרעק.

— גנעדיגע פרוי--האָט ער ענדליך אַרויסגעשטאַמעלט — מיט אַ פּאָר שעה צוריק האָט זײַן עמינענץ, דער ביסקופ, בעעהרט אונזער קלויסטער מיט זײַן בעזוך און האָט בעוויליגט מיטצונעהמען בײַם אָבפאָהרען דעם יונגען גראַף.

יעצט איז די גרעפין ערשטוינט געוואָרען.

— אוממעגליך! — האָט זי אויסגערופען — איך קום דאָך דירעקט פון פּראָג.— זײַן עמינענץ האָט בשום אופן דאָ נישט געקאָנט זײַן.

— ס׳איז דאָך אָבער, ווי איך זאָג אײַך, גנעדיגע גרעפין, זײַן עמינענץ איז דאָ געוועזען און האָט דאָ פערבראַכט מיט אונז זעהר גוט. די צײַט איז אוועקגעלאָפען זעהר געשווינד אין געשפּרעכען מיט איהם.

די גרעפין איז אַלץ מער נשתומם געוואָרען. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען, אַז דער ביסקופ זאָל שפּאַס טרייבען און גלייכווערטליך מאַכען. זי האָט אָנגעהויבען איינזעהען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַשווינדעל.

— הערר פּריאָר,— האָט זי געזאָגט—צי קענט איהר דעם ביסקופּ פּערזענליך?

— איך האָב צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען געהאַט יעצט די עהרע צו זעהען איהם!

— איך בעט אייך זעהר, בעשרייבט מיר, ווי אַזוי האָט ער אויסגעזעהען?

— זיין עמינענץ איז געווען העכסט גייסטרייך, אָבער פון קליין געוויקס און אַ דיקער מאַן.

— אונגליקליכער! — האָט די גרעפין אויסגערופען — מען האָט דאָך אייך אָפּגענאַרט! דער ביסקופּ איז פון הויכער געוויקס און אַמאָגערער מאַן! אַ פּאָדלער שווינדלער האָט אייך אָפּגענאַרט, כדי אַרויסצופיהרען פון קלויסטער מיין זוהן! דער ביסקופּ האָט אַפילו גאָר נישט געהאַט בדעה צו פאָהרען אַהער.

— האַ-האַ-האָ, פרוי גרעפין, מיר האָבען אַבריעף געהאַט פון'ם ביסקופּ'ס קאַנצעלאַריע, און דער בריעף האָט אונז געמעלדעט, אַז דער ביסקופּ דאַרף אַהער קומען! ערלויבען די נור, ווער זאָגט עס אונז, אַז איהר זענט עס טאַקי די גרעפין פאָן דאָרנבאַך?

— נאַט אייך אַ בריעף פון ביסקופּ מיט זיין אונטערשריפט אין חתימה!

— אויך אונזער בריעף פון דער קאַנצעלאַריע האָט געהאַט זיין אונטערשריפט און חתימה. ניין, מאַדאַם, אונז נאַרט מען נישט אָב! אויב איהר זענט ווירקליך די פרוי גרעפין דאָרנבאַך, טאָ פאָהרט, זענט מוחל, צוריק קיין פּראָג איהר וועט שוין דאָרט געפינען דאָס יודישע בחור'ל, וועלכען איהר האָט די עהרע צו האַלטען פאַר אייערס אַ זוהן. און פאָהרט אייך געזונדער'הייד!

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט ער דעם צימער פערלאָזען און די גרעפין איז געבליעבען אַליין. זי האָט נאָך געהערט, ווי ער האָט אין צווייטען שטוב דערצעהלט די גלחים וועגען עפּעס אַ מחוצפת, וואָס האָט זיך ערלויבט צו זאָגען, אַז זיין עמינענץ איז הויך פון געוויקס און מאָגער. די גלחים האָבען דערביי געלאַכט און זיך נישט געקאָנט אָנוואונדערן אויף אַזאַ חוצפה.

די גרעפין האָט נעמליך פריהער געהערט מיט דער גרעסטער פרייד וועגען דעם ערפאָלג, וואָס ד"ר ב. האָט ביי איהר זוהן געהאַט, און אָט האָט זי געמאַכט די רייזע אין קלויסטער אַריין, כדי דאָרט דורך איהרע ביטען צו פערענדיגען דעם ערפאָלג פון ד"ר ב. און אָט האָט זי זיך דערוואוסט, אַז איהר זוהן איז גאָר אַנטלאָפען! וואוהין? ס'פערשטעהט זיך, צו דער גרענעץ. זי האָט דעריבער זיך בעשלאָסען נאָכצויאָגען איהם און איז אויך אָבגעפאָהרען צו דער זאַקסישער גרענעץ.

## יד.

## די מאַמע מיט'ן זוהן.

יוסף איז געקומען גליקליך מיט זיין שוועסטער שפּרינצאַ הין מיט דע דיענסט קיין דרעזדען. פון דאַנען האָט ער געדאַרפט אָבפּאָהרען קיין האַמבורג און פון דאָרט מיט'ן שיף קיין לאָנדאָן. אין דרעזדען האָט ער געמוזט פערבלייבען עטליכע שעה, וואַרטענדיג אויפ'ן שנעל-צוג. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָבגעזעגענט מיט זיין שוועסטער און איהר דיענסט, וועלכע זענען צוריק אָבגעפאָהרען קיין פּראָג, האָט זיך יוסף געלאָזט געהן אין שטאָדט אַריין צו מאַכען איינינגע קניות פאַר זיין רייזע. געשראָקען האָט ער זיך שוין דאָ פאַר קיינעם נישט, ווייל ווער קען איהם דען אין דער זאַקסישער הויפּטשטאָדט?

גרעפין דאָרנבאַך איז כמעט אין איין צייט מיט איהם אויך אָנגעקומען אין דרעזדען. ווען זי איז פון וואָקזאַל געפאָהרען צום האָטעל, האָט זי אויפ'ן וועג דערזעהען יוסף'ן. זי האָט באַלד געלאָזט אָבשטעלען די קאַרעטע און גערופען יוסף'ן צו זיך. יוסף האָט זיך שרעקליך דערשראָקען, אָבער ער האָט געמוזט געהן מיט זיין מוטער אין איהר האָטעל. ווען די גרעפין האָט זיך ענדליך דערזעהען אַליין מיט איהם אין אַבעזונדערן צימער, האָט זי אויסגערופען:

— אָט אַזוי ביזטו עס פון קלויסטער אַנטלאָפען און ווילסט ברעכען דאָס הערץ פון דער מוטער, וואָס האָט דיך געבאָרען?

— פרוי גרעפין — האָט יוסף ביטער געענטפערט — איך בין נישט מעהר אייער זוהן, איהר האָט פערלאָרען אויף מיר דאָס מוטערליכע רעכט. ווען ס'וואָלט געגאַנגען לויט אייער ווילען, וואָלט מען מיך אין קלויסטער ביז אין טויט אַריין געפּייניגט.

— ניין, דו אונגעראָטענער זוהן, ווען דו וואָלסט מיר געוואָלט פאָלגען, וואָלסטו אַ גרויסער הערר געוואָרען, געעהרט און געאַכטעט פון דער גאַנצער וועלט. אָבער אַן'אונגליקליכע געשעהעניש, אַ פערקעהרטע ערציהונג, האָט דיך אָנגעפילט מיט נישט איידעלע געדאַנקען.

— איך דאַנק דערפאַר דעם אויבערשטען, וואָס ער האָט מיך אָבגעהיט פון יענער „איידעלקייט", פון וועלכער איהר, פרוי גרעפין, האַלט אַזוי שטאַרק. ביי אייך הייסט עס איידעל, ווען מען שלעפּט אין טורמע אַ גאָר אונשולדיגען מאַן, אַ מענשען, וואָס האָט פיעל זאָרג מיט אַ פרעמד אָרים קינד, מיט אייער זוהן, וועלכען ער האָט ערצויגען, ווי אַן'אייגען קינד!

— נו, איז מה הרעש? ס׳איז דאָך נישט מעהר, ווי אַ יוד!

— נו, אָט זעהט איהר שוין, פרוי גרעפין, אַט דאָס איז אײַער אונגליק. איהר און אײַער גלײַכען האַלט נישט פאַר קײַן מענשען אַ יודען און אַ פויער דער מענש הויבט זיך אָן בײַ אײַך ערשט מיט׳ן באַראָן. אַ שאַנד איבער אַזאַ מין אײַדעלקײַט!

— מײַן זוהן — האָט די גרעפין ווײַך געזאָגט — איך בין דיר מוחל דײַנע האַרטע אויסדרוקען, דײַן נישט-פריצישען אופן דענקען און שפּירען; דו ביזט דאָך אַנדערש ערצויגען געוואָרען. אָה, מײַן קינד, אינ׳ם טאָג, וואָס מען האָט דיך געראַובט בײַ מיר, האָב איך מײַן מאַן פערלאָרען, אין יאָמער און טרעהרען האָב איך מײַן לעבען פערבראַכט, מײַנע טעג און נעכט. אויף די קניע׳ האָב איך מתפלל געווען דיך ווידער אַמאָל צו זעהען, און יעצט, ווען מײַן הײַסע תפלה איז דערהערט געוואָרען, ווילסטו דײַן מוטער פערשטויסען און פערלאָזען אויף אײביג, ווילסטו זיך פון מיר אָבקעהרען אַזוי, ווי איך וואָלט גאָר דײַן מוטער נישט געווען. אָה, דאָס, וואָס איך האָב דיר געטהון איז אפשר נישט גאָר רעכט געווען פון מײַן זײַט; איך האָב עס אָבער געטהון צוליעב הײַסער מוטער-ליעבשאַפט, זאָרגענדיג כאַר דײַן נשמה! איך בין געווען אין קלויסטער, כדי צו בעפרײַען דיך פון דאָרט — און דו ביזט גאָר אַנטלאָפען! אָה, פערלאָז מיך נישט, מײַן קינד פערלאָז מיך נישט!

און די גרעפין האָט יוסף׳ס האַנד אַנגענומען און מיט טרעהרען זי בענעצט.

— מאַמע — האָט יוסף גערירהט געזאָגט — איך וויל גערען זײַן דײַן זוהן, אָבער פערלאַנג נישט, אַז איך זאָל צוליעב דעם מײַן אמונה ברענגען פאַר אַ קרבן, אַז איך זאָל זיך אָבזאָגען פון מײַנע איבערצײַגונגען!

די גרעפין האָט יוסף׳ס האַנד אָבגעלאָזען.

— אַלזאָ — האָט זי אויפגערעגט אויסגערופען—נאָך אַלץ יענער אונגליקליכער טעות! און איך האָב שוין געמײַנט, אַז דו ביזט אויפ׳ן וועג צו בעסערן זיך. איך זעה אָבער, אַז דו ביזט נאָך אַלץ אַזוי אײַנגע׳עקשנ׳ט, ווי פריהער.

יוסף האָט געשוויגען און די גרעפין האָט זיך גערעדט ווײַטער:

— אַלזאָ האָב איך זיך גאָר אומזיסט ערגיעדעריגט, אומזיסט געבעטען און געוויינט. איך וועל אַלזאָ לאָזען דיך אַרעסטירען און צוריקברענגען אין קלויסטער אַרײַן!

— איהר פערגעסט — האָט יוסף רוהיג געזאָגט — אַז מיר זענען שוין נישט מעהר אין עסטרײַך, נאָר אין זאַקסען, און דאָ האָט איהר נישט קײַן מאַכט!

— טאָ נעהם-זשע מײַן קללה, דו אונגעהאָרכזאַמער, ווידערשפעניגער, אַפּיקורסישער זוהן! די קללה פון דײַן מאַמען זאָל פאַלען אויף דײַן קאָפּ, דײַנע טעג און שעה׳ן זאָל זי דיר פערגאַלען, דײַנע נעכט פערביטערן און דעם שלאָף פון דײַנע אויגען פערטרײַבען. קראַנק, ־עלענד און אָרים זאָלסטו אויף דער וועלט ארומשלעפען זיך, ווי אַ פערלאָזענער בעטלער, ביז דו וועסט קומען צוריק צו דײַן מוטער, מיט תרטה!

— אמעֶר קללה — האָט יוסף רוהיג געענטפערט—דערשרעקט מיך נישט. די וועט זיך פערוואַנדלען אין אַ ברכה. איך האָב אָט די קללה נישט פערדיענט. איך האָב געטהון דאָס, וואָס איך האָב געמוזט טהון. לעבט וואויל, פרוי גרעפין!

---

## ט״ו.

## שלום געוואָרען.

פיעל יאָהר זענען אַריבער נאָך די דערצעהלטע געשעהענישען. יוסף איז באַלד פון דרעזדען גליקליך אָנגעקומען אין לאָנדאָן. זיין שטודיום האָט ער שוין געמוזט פערלאָזען. א יאָהר לאַנג האָט ער געאַרבייט אין איינעם פון די גרעסטע באַנק-הייזער אין דער סיטי. בינו לבינו האָט רפאל דעל מאָנטע ליקווידירט זיין גאַנץ פערמעגען אין פראַג און האָט זיך אַריבערגעצויגען קיין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער בשותּפות מיט יוסף׳ן געגרינדעט אַ באַנק-הויז, וואָס האָט געהאַט גרויס ערפאָלג און האָט באַלד זיך ענטוויקעלט אַלס איינע פון די בעוואוסטעסטע לאָנדאָנער באַנק-הייזער.

פיעל יאָהר זענען, ווי געזאָגט, אַריבער. יוסף האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט מיט רפאל דעל מאָנטע׳ס טאָכטער שפּרינצע; דאָס פּאָר פּאָלק האָט שענע זיהן און טעכטער, וועלכע זענען די פרייד און טרייסט פון דער משפּחה. די פאַמיליע האָט זיך אַנ׳איינגענעם פּאַלאַץ אין איינעם פון די שענסטע לאָנדאָנער שטאָדט-טיילען. דאָס באַנק-הויז דאַגעגען געפינט זיך אין דער סיטי, וואוהין רפאל פאָהרט מיט יוסף׳ן טעגליך מיט דער אייזענבאַהן אונטער דער ערד. יוסף און זיינע לייט לעבען גליקליך און צופרידען; ס׳הערשט צווישען זיי אַ פּאָלקאָמע אחדות און ליעבשאַפט,—די קללה פון דער אויפגערעגטער מוטער איז נישט ערפילט געוואָרען.

די גרעפין דאָרנבאַך לעבט אין איהר גוט—טרויעריג, שטיל און איינזאַם. איהר זוהן, גראַף בענאָ, האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַנ׳אַלטער יחוס-משפּחה און ער האָט בליהענדע זיהן און טעכטער. אויך ער לעבט גליקליך, אָבער זיין מוטער די גרעפין, נעהמט נישט קיין אָנטייל אין זיין גליק, דען אַ טיעפעד צער נאָגט איהר אין הערצען. אין שלאָס טאָר נישט דערמאָהנט ווערען דער נאָמען פון איהר זוהן ברונא, דען זי האָט עס שטרענג פערבאָטען.

גראַף בענאָ פיהרט אַ זעהר אָפטע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין לאָנדאָנער יודישען ברודער. איינמאָל האָט ער אפילו איהם בעזוכט אין לאָנדאָן, פערשטעהט זיך, בשתיקה פון דער מוטער, און האָט נחת געקליבען, זעהענדיג, ווי גליקליך ער לעבט.

—זָה! --האָט יוסף דאַמאָלס פאַר זיין ברודער אויסגערופען—ווען איך וואָלט זיך נאָר געקאָנט אומקעהרען אַמאָל צוריק קיין פּראָג, ווי וואָלט איך זיך בעמיהט שלום צו ווערען מיט אונזער מוטער! איך ווייס, אַז עס פּייניגט איהר

דאָס הערץ, וואָס זי האָט מיך פערשאָלטען אויף אַ גאָר אונגערעכטען אופן
ווען גראַף בענאָ איז צוריק אַהיים געקומען, איז אויסגעבראָכען די מלחמה צווישען עסטרייך און פּרייסען, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט דער מערדערי־שער שלאַכט און עסטרייך׳ס מפלה ביי קעניגרעץ. אָבער אין די עסטרייכישע גובות האָט אָנגעהויבען בליהען אַ נייע לעבען. ס׳איז ענטשטאַנען אַ קאָנסטיטוציאָ־נעלע עסטרייך; מען האָט אָבגערוימט דעם גאַנצען מיטעלאַלטערליכען מיסט, וואָס האָט געדריקט דאָס לעבען אין דער דונאַי-מאָנאַרכיע; ס׳איז ערקלערט געוואָרען געוויסענס-פרייהייט. מענשען, וועלכע האָבען מיט פיעל יאָהר פריהער זיך געשמד׳ט, האָבען זיך יעצט צוריקגעקעהרט צו זייער אַלטען יודישען גלויבען.
ווען די ידיעה וועגען דעם איז דערהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן, האָט יוסף מיט אַלע זיינע לייט בעשלאָסען צו בעזוכען דאָס אַלטע פאָטערלאַנד. קו־מענדיג אין פּראַג, האָט ער תיכף געשיקט מעלדען וועגען דעם זיין ברודער בענאָ, כדי ער זאָל צוגרייטען די מוטער צו זיין בעזוך.
אין אַ שענעם זומער-טאָג איז גראַף בענאָ געזעסען מיט זיין פרוי און קינדער אין אַ ביידעל אין שלאָס-גאָרטען. די אַלטע גרעפין איז זיך שטיל און טרויעריג געזעסען אָן דער זייט.
—קינדער—האָט גראַף בענאָ פּלוצלונג אַ זאָג געטהון—איהר ווייסט דאָך אודאי גאָר נישט, אַז איהר האָט אַ פעטער?
פערוואונדערט האָבען זיינע קינדער געקוקט אויף איהם, וועהרענד זיין מוטער איז ווי אַ פערשטיינערטע געבליעען זיצען אויף איהר אָרט.
—און וואו איז דער דאָזיגער פעטער?—האָט געפרעגט אַרטור, בענאָ׳ס עלטערער זוהן.
—ער וואוינט אין לאָנדאָן—האָט גראַף בענאָ געענטפערט—און ער הייסט יוסף דעל מאָנטע.
—און פאַרוואָס האָסטו ביז יעצט אונז גאָר נישט דערצעהלט וועגען אונזער פעטער.
—ווייל די באָבע איז אויף איהם בייז—האָט בענאָ געענטפערט, אַ קעהר-טהוענדיג זיך צו זיין מוטער.
—ווי לאַנג נאָך, מאַמע, וועסטו טראָגען די שנאה צו דיין קינד, וואָס דו האָסט אונטערן הארצען געטראָגען?—האָט בענאָ פּלוצלונג אַ פרעג געטהון זיין מוטער.
—דו ווייסט עפּעס-וואָס וועגען איהם?—האָט גרעפין אַגנעס האַסטיג גע־פרעגט,—אָה, איך האָב איהם נישט מעהר, איך האָב איהם שוין לאַנג אַלץ מוחל געווען, און די קללה, וועלכע איך האָב איהם איינמאָל געגעבען, נאָגט מיר אין הארצען טיעף און גיט מיר נישט קיין רוה.
—מאַמע—האָט גראַף בענאָ פרעהליך געזאָגט—זיי געבענשט פאַר דעם דאָ־זיגען וואָרט! דיין יוסף בענקט נאָך דיר, ער וויל דיר צו די פיס פאַלען און דיינע הענד קושען. ווען זאָל איך איהם ברענגען אהער?

—צי איז ער דען דאָ?

—ער איז דאָ!

גראַף בענאָ איז תיכף אַריין אין שלאָס און איז באַלד צוריקגעקומען, גע־צערעמט מיט זיין ברודער יוסף.

—מאַמע!—האָט יוסף אויסגערופען, קושענדיג איהר די הענד—מאַמע, צי האָסטו מיר שוין מוחל געווען?

די מוטער איז איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז און האָט זיך צווויינט אויפ'ן קול. אויך ביי יוסף'ן האָבען די אויגען מיט טרעהרען זיך אָנגעפילט, ווערענד גראַף בענאָ מיט זיין פאַמיליע זענען געשטאַנען העכסט גערירט דערביי...

—מיין זוהן—האָט די גרעפין געזאָגט—ווי אָפט בין איך אין בעגריף געווען צו שיקען נאָך דיר, צו רופען דיך און צו מיין האַרצען דיך צו דריקען. כ'האָב אָבער נישט געקאָנט זיך אַליין מנצח זיין. זיי געבענשט דערפאַר, וואָס דו ביזט דער ערשטער געקומען צו מיר. איך נעהם צוריק מיין אונזיניגע קללה. זאָל ג—ט'ס ברכה קומען אויף מיין זוהנ'ס קאָפּ!

און יעצט האָט יוסף געמוזט דערצעהלען זיין מוטער וועגען זיין ווייב און קינדער, און וועגען שוועהר און שוויגער. זיי אַלע האָבען געמוזט קומען אין שלאָס דאָרנבאַך, און די גרעפין האָט געבענשט איהרע יודישע אייניקלעך.

—ווי וואונדערבאַר—האָט דעל מאָנטע צו דער גרעפין געזאָגט—ווי וואונ־דערבאַר האָט דער אויבערשטער אונז געפיהרט! צי געדענקט איהר נאָך יענעם באַל, ווען איהר האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַ יוד?

—אָה,—האָט די גרעפין געזאָגט—אין לאַנגע איינזאַמע און טרויעריגע נעכט האָב איך פיעל געדענקט וועגען אַלעם דעם און איך בין געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז נאָר די גאוה האָט אָנגעפיהלט מיין האַרץ מיט שנאה און פעראַכטונג, אָבער נישט די רעליגיע.

גראַף בענאָ האָט פערלאַנגט פון זיין ברודער, אַז ער זאָל זיך טיילען מיט איהם זיין גרויסען פערמעגען, ווייל אַ העלפט פון אַלע דאָרנבאַכ'ס גיטער האָבען דאָך געהערט צו איהם. אָבער יוסף האָט זיך ענטשיעדען אָבגעזאָגט דערפון.

—דער אויבערשטער האָט מיך געבענשט—האָט ער געזאָגט—און ווען איך וואָלט געוואָלט קויפען זיך גיטער אין בעהמען, וואָלט איך געקענט לייכט איינ־קויפען זיך פיעל גרעסערע גיטער, ווי דו האָסט, דען איך בין שטאַרק רייך. אויך פון טיטול „גראַף" האָט ער זיך אָבגעזאָגט, כאָטש יעצט האָט ער שוין געהאַט רעכט דערויף אויך אַלס יוד.

—ווען מען האָט מיר געשטעלט די פראַגע: „גראַף אָדער יוד?"—האָט יוסף געזאָגט—האָב איך ערקלערט: „בעסער יוד". יעצט בלייב איך אויך דערביי און דעם טיטול „גראַף" לאָז איך איבער דיר!

יוסף איז געבליבען ביי זיין ברודער אַ גאַנצע זומער. נאָר זיין שוועהר איז צוריק אָבגעפאָהרען קיין לאָנדאָן, כדי צו פיהרען דאָרט דאָס באַנק-הויז. סוף

וומער איז די אַלטע גרעפין קראַנק געוואָרען און פאַר׳ן טויט האָט זי איהר וויהן און אייניקלעך געבענשט.

יוסף האָט מיט זיין פאַמיליע זיך אומגעקעהרט צוריק קיין לאָנדאָן. דער דערצעהלער פון דער דאָזיגער געשיכטע האָט אַמאָל בעזוכט אַ לאָנדאָנער שוהל ביים דאַווענען, און אָט האָט ער געהערט, ווי אַ פערנעהמער יוד האָט ביים דאַוונען מיט בעזונדערער בעגייסטערונג געזאָגט די ווערטער: „ברוך אלקינו שבראנו לכבודו והבדילנו מן התועים ונתן לנו תורת-אמת וחיי עולם נטע בתוכנו" דער דאָזיגער יוד איז געווען יוסף דעל מאָנטע.

